יהודה לייב חדקל

# נגונות און תפלות ביי יידן

## אין ליכט פון דער יידישער געשיכטע



## צווייטער באַנד

דריטער טייל



(אַרויסגעגעבן פון אויטאָר)

בוענאָס איירעס

1 9 5 2

LEON GIDEKEL

# Música y Oraciones Hebreas

## a la Luz de su Historia



**SEGUNDO TOMO**

*TERCERA PARTE*

*Printed by LEON GIDEKEL*

BUENOS AIRES

IMPRESO EN LA ARGENTINA — PRINTED IN ARGENTINE

געווידמעט מיין ליבער פרוי, מיין
לעבנס־באגלייטערן.

# א י נ ה אַ ל ט

## דריטער טייל

# דריטער טייל

---

די אַנטשטייאונג פון בית הכנסת און די נגינות פון בית הכנסת.

די אַנטשטייאונג פון בית המדרש און די נגינות פון בית המדרש.

נוסחאות התפלה. די אַנטשטייאונג און עוואָלוציע.

די אַנטשטייאונג פון די גוסטן צו די גלות־תפלות.

סליחות און די נוסחאות פון סליחות.

תפלת קדיש און די פאַרשידענע נוסחאות צו די פאַרשידענע קדשים.

הזכרת נשמות. די אַנטשטייאונג פון הזכרת נשמות און די נוסחאות פון הזכרת נשמות.

אל מלא רחמים און אב הרחמים.

נוסחאות פון די תפלות פון ימים נוראים; שטעל־ניגונים פון קריאת התורה, פון שחרית און מוסף; כל נדרי; עבודה פון יום־הכפרים; נעילה.

נשיאת כפים. כהנים דוכנען.

זמירות לשבת, זמירות צו מצאי שבת.

יידישער מוזיקאַלישער פאָלקלאָר אין ארץ־ישראל ביז נאָכן חורבן בית שני.

יידישער מוזיקאַלישער פאָלקלאָר אין גלות ביז דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל.

קבלה און חסידות; די אייגנשאַפטן פון דער חסידישער נגינה.

דאָס ליד אין דער דערציאונג און וועגן אַ חזנישן סעמינאַר.

קאַפּיטל איינס

# די אַנטשטייאונג פון בית הכנסת אָדער בית תפלה, מקדש מעט, בית מועד, ב׳ כנשתא און די נגינה וואָס מען האָט דאָרט אַריינגעבראַכט

גלות בבל: על נהרות בבל. די שבועה: אם אשכחך ירושלים. די לעגענדע וועגן דער טראַגעדיע פון די יידישע מוזיקער. אחדות צווישן די פאַרטריבענע יידן אין בבל. דאָס איינאָר־דענען דאָרט דאָס יידישע קאָלעקטיווע לעבן. דאָס שאַפן פון די געהעריקע אינסטיטוציעס. דאָס שאַפן פון אינסטי־טוציעס צו פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן ביי די רעגי־רונגס אויטאָריטעטן. דער בית הכנסת. די פאַרוואַנדלונג פון בית הכנסת אין אַ בית התפלה. שבת און שלש רגלים. דאָס זינגען בצבור די מזמורים און הללויה׳ס, וואָס מען האָט גע־זונגען אין בית המקדש אין ירושלים. די נייע תפלות וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין גלות בבל און זייערע מעלאָ־דיעס. די ערשטע שליחי צבור. דער בית הכנסת אין ארץ־ישראל אונטער רוימס הערשאַפט. די וויכטיקייט וואָס די חכמים האָבן צוגעגעבן צום בית הכנסת. דער בית הכנסת אינעם לעצטן גלות, בכל תפוצות ישראל.

---

גלות בבל איז געווען דער ערשטער, דער לייכטסטער און קירצסטער גלות, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט דורכגעמאַכט פאַר דער צייט זינט עס האָט זיך סטאַביל באַזעצט אויף זיין לאַנד, ארץ־ישראל. אינעם גלות האָבן די יידן באַוויזן אויסצובויען יידישע גייסטיקע פעסטונגען, בכדי צו פאַרטיידיקן דאָס יידישע פאָלק פון אונטערגאַנג. אָט־די פעסטונגען האָבן געהאָלפן אויסהאַלטן די שווערסטע שטורעמס פון דער היסטאָריע

קעגן די יידן, ניט נאָר אין בבל, נאָר אויך אין ארץ־ישראל, און נישט נאָר דעמאָלט, נאָר אויך שפּעטער, פאַר דער גאַנצער צייט פון דעם פינצ־טערן און ביטערן צוויי טויזנט־יאָריקן גלות.

געטריבענע קיין בבל, האָבן די יידן מיטגענומען מיט זיך און אין זיך דעם גאַנצן גייסטיקן פאַרמעגן, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין פאָלק פאַר דער גאַנצער צייט, פון דור דורות, ווי אויך זייער נגינה און זייערע נאַציאָנאַלע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן, כדי צו קאָנען אָנהאַלטן און אויפהאַלטן די יידישע קולטור, דעם יידישן לעבנס־שטייגער און די יידי־שע נגינה אויך אין גלות, ביז די גוטע צייט וועט קומען, מ׳וועט אויסגע־לייזט ווערן פון גלות און זיך צוריק אומקערן אין אייגענעם לאַנד און לעבן אַ נאַציאָנאַל פריי לעבן ווי אַמאָל.

נעבן די טייכן פון בבל האָט מען די געטריבענע יידן דערלויבט זיך אָפּצורוען פון שווערן וועג. די מוזיקער האָבן זייערע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן אויפגעהאָנגען אויף די ווערבעס, וואָס זיינען געוואַקסן נעבן די טייכן, כדי זיי זאָלן צווישן דעם געפּעק ניט צעבראָכן ווערן, און זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען. זיי האָבן אַלע שטאַרק געוויינט, ווען זיי האָבן זיך דערמאָנט אין זייער לאַנד ציון.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ שטרענגער באַפעל : שירו לנו משיר ציון ! זינגט פאַר אונז די געזאַנגען פון ציון !

דאָס האָבן די מושלים פון בבל, וועלכע האָבן געטריבן די יידן אין גלות, זיך לוסטיק געמאַכט איבער זייערע הייליקסטע געפילן, און זיי אויפגעפאָדערט אַז זיי זאָלן פאַר זיי זינגען די געזאַנגען פון ציון.

דער ענטפער פון די פאַרטריבענע יידן איז געווען אַ שטאָלצער און אַ קאַטעגאָרישער : איך נשיר את שיר א״ד על אדמת נכר ! ווי זאָלן מיר זינגען גאָטס געזאַנגען, די געזאַנגען, וואָס מען האָט געזונגען אין בית־המקדש פאַר גאָט, אויף פרעמדער ערד, צו פאַרשאַפן פאַרגעניגן די יעניקע, וואָס האָבן חרוב געמאַכט גאָטס הויז ! און באַלד האָבן זיי זיך ספּאָנטאַן אויפגעשטעלט, זיך אויסגעגלייכט, אויפגעהויבן יעדער איינער די רעכטע האַנט און זי אָנגעשטעלט אין דער ריכטונג צו ירושלים און פייערלעך געשוואוירן : אם אשכחך ירושלים, אויב איך וועל דיר פאַר־געסן, ירושלים, תשכח ימיני, זאָל מיין רעכטע האַנט פאַרגעסן ווערן. תדבק לשוני לחכי, זאָל זיך באַהעפטן מיין צונג צו מיין גומען, אויב איך וועל דיך ניט דערמאָנען . . .

די לעגענדע דערציילט, אַז ווען די יידישע מוזיקער האָבן געהערט די חוצפּהדיקע אויפאָדערונג פון די באַבילאָנער ,אַז זיי זאָלן זינגען פאַר זיי די שירי ציון און מורא האָבנדיק, אַז זיי וועלן דאָס מוזן טאָן גע־צוואונגענערהייט, האָבן זיי זיך ספּאָנטאַן, דורך אַן אינערלעכן באַפעל, אָפּגעביסן די גראָבע פינגער פון די הענט, און דאָס האָט זיי מאָמענטאַל

געמאַכט אומפּעאיק צו שפּילן אויף די אינסטרומענטן און זיי אַזוי אַרום פאַרזיכערט קעגן דער סכנה צו מוזן נאָכקומען די באַפעלן צו שפּילן די געזאַנגען פון ציון אויף פרעמדער ערד.

## אחדות צווישן די יידן אין בבל.

די פאַרטריבענע יידן האָבן זיך איינגעלעבט אין בבל. דער אַלגע־מיינער אומגליק האָט אַנטוויקלט אין זיי מער אחדות, מער צוזאַמענ־געבונדנקייט און מער צוטרוי פון איינעם צום צווייטן. עס זיינען דאָרט, אין די ערשטע צייט פון גלות, פאַרשוואונדן געוואָרן די סאָציאַלע דיפערענצן ביי די יידן. מען האָט זיך פאַראינטערעסירט איינער מיטן צווייטן; מען האָט געשטיצט עקאָנאָמיש איינער דעם צווייטן, סיי פּריוואַט און סיי אינעם מסחר. אין כלל־ענינים האָבן זיך אַלע פאַראייניקט, כדי צו שאַפן די נויטיקע אינסטיטוציעס פאַר זייער אינערלעכן קאָלעקטיוון לעבן, ווי שולן צו לערנען זייערע קינדער תורה, נביאים, יידישע טראַדי־ציע, יידישע מאָראַל און עטיק; צדקה־אַנשטאַלטן צו העלפן און שטיצן די אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע; די ביקור חולימס, צו היילן אָרעמע קראַנקע; תלמוד תורהס פאַר אָרעמע קינדער און אַנדערע אַנשטאַלטן פאַר קהלשן געברויך.

עס זיינען אויך געשאַפן געוואָרן פּריוואַטע און יורידישע אינס־טיטוציעס צו פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן ביי די רעגירונגס־באַהערדן פון לאַנד.

## דער בית הכנסת.

כדי צו באַהאַנדלען קאָלעקטיוו די אַלע נויטיקע פּראָבלעמען פון כלל ווי פון יחיד, האָט מען געשאַפן אַ הויז פאַר צוזאַמענקונפט, אַ בית־הכנסת, אָדער, ווי אייניקע האָבן עס גערופן, בית־עם, ד"ה אַ פאָלקס־הויז, וועלכעס איז געווען אַ בית־מועד, אַ צוזאַמענקונפט־הויז.

אין אָט דעם הויז האָבן זיך די יידן פאַרזאַמלט, כדי צו באַהאַנדלען אַלע נויטיקע כלל־ענינים. און פון אָט דעם הויז זיינען ארויסגעגאַנגען דירעקטיוון פאַר דער גאַנצער קאָלעקטיוויטעט. מיט דער צייט און אַ דאַנק ספּעציעלע אומשטענדן איז דער בית־הכנסת אָדער בית־עם פאַר־וואַנדלט געוואָרן אויך אין אַ בית־תפלה, כדי צו דאַוונען דאָרט בציבור און ביחידות, שבת, יום־טוב און אין דער וואָכן.

דער בית־הכנסת איז מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איי־נער פון די שטאַרקסטע יידישע גייסטיקע פעסטונגען, וואָס האָט באַשיצט דאָס יידישע פאָלק פון אונטערגאַנג, אַזוי דעמאָלט און אַזוי ביז היינט־צו־טאָג.

## שבת און די של״ש רגלים אין בבל.

שבת איז ביי די פאַרטריבענע יידן אין בבל געווען דער טאָג פון פאָלקאָמער פיזישער רו און געווידמעט צו גייסטיקער דערהויבונג.

אין אָט־דעם טאָג האָבן זיי זיך פאַרזאַמלט אין בית־הכנסת, געדאַוונט בציבור און געזונגען די תפלות און מזמורים, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט פון זייער הייליק לאַנד, ארץ־ישראל. זיי האָבן אויך אויסגעהערט די באַלערנדע דרשות פון זייערע גייסטיקע פירער וועגן יידישער מאָראַל און עטיק; וועגן יידישער טראַדיציע און וועגן דער וויכטיקייט פון לערנען תורה; וועגן מצוות און מעשים־טובים, אמונה און בטחון אין גאָט. מ'האָט זיי געלערנט, אַז אויב זיי וועלן אָפּהיטן יידישקייט, וועט גאָט זיי אינגיכן אויסלייזן פון גלות און זיי צוריק אומקערן צו זייער הייליק לאַנד, ארץ־ישראל.

די של״ש רגלים, די דריי גרויסע נאַציאָנאַלע נאַטור־ימים־טובים, וואָס זיינען אַזוי הערלעך געפייערט געוואָרן אין ארץ־ישראל מיט גרויסע פּאַראַדן און פּראָצעסיעס פון די עולי־רגל קיין ירושלים און מיט די שיינע האַרציקע הלל־געזאַנגען אין בית־המקדש, האָבן אין בבל באַקומען אַ זין און אַ נייע פאָרעם. יעדער יום־טוב איז פאַרבונדן געוואָרן מיט אַ באַזונדערער וויכטיקער יידיש־היסטאָרישער געשעעניש.

פּסח, דער אַגריקולטור־יום־טוב, דער חג האביב, דער יום־טוב פון צייטיקע תבואות, וואָס איז אַזוי הערלעך געפייערט געוואָרן אין ארץ־ישראל, איז געפייערט געוואָרן אין בבל אַלס דער יום־טוב פון יציאת־מצרים.

שבועות, דער יום־טוב פון שניידן דעם ווייץ, דער הערלעכער חג הבכורים, וואָס איז אַזוי שיין געפייערט געוואָרן אין ארץ־ישראל, ווען פון גאַנצן לאַנד האָבן זיך געצויגן גאַנצע קאַראַוואַנעס מיט בכורים־ברענגער קיין ירושלים, באַגלייט פון מוזיק און טענץ; די נאַטירלעכע פרייד און התלהבות, וואָס האָט דאַן געהערשט אין גאַנצן לאַנד; די זיסע הייליקע געזאַנגען, וואָס מען האָט צוליב דעם דאָזיקן יום־טוב געזונגען און געשפּילט אין בית־המקדש; די האַרציקע ברכות מיט וועלכע די כהנים האָבן געבענטשט די בכורים־ברענגער, איז אין גלות בבל געפייערט געוואָרן ווי דער יום־טוב פון מתן־תורה, אַלס יום־טוב אין אָנדענק פון דער פּאַסירונג, ווען די יידן האָבן מקבל געווען די תורה אויפן באַרג סיני.

סוכות, דער חג־האסיף, דער יום־טוב פון איינזאַמלען די פּרוכט פון די גערטנער און סעדער און די תבואה פון די פעלדער, וואָס איז געפייערט געוואָרן אין גאַנצן לאַנד ישראל מיט אַ סך פרייד, געזאַנג און טענץ, איז אין גלות בבל געפייערט געוואָרן אַלס חג־הסוכות, אַלס דער יום־טוב פון די ביידלעך, אין אָנדענק פון דער געשעעניש, אַז ווען די יידן זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, האָט זיי גאָט באַזעצט אין סוכות,

איןביידלעך: כי בסוכות השבתי את בני ישראל בצאתי אותם מארץ מצרים.

די דערמאָנטע ימים־טובים: פסח, שבועות און סוכות, טראָץ דעם, וואָס מען האָט איבערגעאַנדערשט זייער נאַטירלעכן אגריקולטורעלן באַדייט, זיינען פון די יידן אין בבל געפייערט געוואָרן מיט א סך פּראַכט און גלאַנץ מען האָט אין אָט־די ימים־טובים געזונגען בציבור (קאָלעקטיוו) אין זייערע בתי־כנסיות די מזמורים און הללויהס, וואָס מען האָט פריער געזונגען אין ירושלים אין בית־המקדש. מען האָט דאָ געשפּילט אויף די נאַציאָנאַלע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן די ריינע האַרציקע נגינה פון זייער הייליק לאַנד, באַשטראַלט פון אינערלעכער פרייד און זיסער האָפענונג, אַז גאָר אינגיכן וועט מען זיך צוריקקערן אין אייגענעם הייליקן לאַנד און לעבן זעלבסטשטענדיק, ווי אַמאָל, אין די גוטע צייטן.

## די נייע תפלות אין גלות בבל.

כדי צו האַלטן לאַטענט צווישן די יידן זייער רייכן עבר האָבן די יידן באַשטימט פיר תעניתים אין יאָר: עשרה בטבת, צום אָנדענק פון דער באַלאַגערונג פון ירושלים; שבעה עשר בתמוז, אין אָנדענק פון דער פאַסירונג, ווען די מויערן פון ירושלים זיינען צעשטערט געוואָרן דורך דעם שונא; תשעה באב, אין אָנדענק פון חורבן ירושלים און חורבן בית־המקדש; און צום גדליה, צום טאָג, ווען עס איז אויסגעלאָשן געוואָרן דער לעצטער נאַציאָנאַלער פונק אין זייער הייליקן לאַנד.

צו יעדן תענית האָט מען געשאַפן ספּעציעלע פיוטים, פזמונים און תפלות, וועלכע מען האָט געזונגען בצבור אין די בתי כנסיות.

חוץ די דערמאָנטע תפלות און פיוטים פון די תעניתים זיינען געשאַפן געוואָרן אַ סך תפלות, וועלכע האָבן אַנטהאַלטן הייסע האַרציקע געבעטן צו גאָט, ער זאָל זיי, די יידן, באַפרייען פון גלות, צוריק אויפריכטן ירושלים, אויפבויען דעם בית־המקדש און ווידער צונויפזאַמלען אַלע יידן אין ציון.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די ניי־געשאַפענע תפלות און פיוטים האָבן ניט געהאַט קיין באַשטימטע מעלאָדיעס, קיין באַשטימטע נוסחאות; האָט מען צוגעפּאַסט צו זיי מעלאָדיעס פון ארץ־ישראל און אויך גענומען נגונים פון די מזמורים, וואָס די לוים האָבן געזונגען אין בית־המקדש, און אַזוי אַרום פאַראייניקט ארץ־ישראל מיט בבל דורך שירה און זמרה.

## די ערשטע שליחי־צבור אין גלות בבל.

אין די ערשטע צייטן פון גלות בבל זיינען די לוויים געווען די שליחי צבור (פאָרבעטער). זיי זיינען געווען די באַרופענע צו דעם אַמט, ווייל זיי זיינען געווען געשולטע זינגער, האָבן געקאָנט גוט אַלע מעלאָדיעס

און נוסחאות פון די תפלות און מזמורים, וואָס מען האָט געזונגען אין בית המקדש אין ירושלים. מיט דער צייט האָט מען איבער באַוואוסטע סבות, ווייל ס'זיינען נישט צוגעקומען קיין נייע באַרופענע זינגער פון ארץ־ישראל, דערלויבט צו זיין אַ שליח־צבור יעדן ייד, וואָס האָט גע־וואוסט דעם פירוש המילות פון די תפלות און מזמורים, אויב ער איז געווען אַ מענטש מיט גוטע מדות, האָט געהאַט אַן אנגענעמע זיסע שטי־מע און האָט געקאָנט די אַלע נוסחאות התפלה פון ארץ־ישראל.

## דער בית־הכנסת אין ארץ־ישראל אונטער דער טיראַנישער הערשאַפט פון רוים.

ווען דאָס יידישע פאָלק איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער טיראַני־שער הערשאַפט פון מלכות רוים, האָט זיך דער בית־הכנסת אין ארץ־ישראל שטאַרק אַנטוויקלט.

די סיבה פון דעם איז געווען דאָס, וואָס די הייליקייט פון דער עבודה אין בית־המקדש האָט פאַרלוירן אַ סך חשיבות צוליב דער אומ־מאָראַלישער אויפפירונג פונעם רוב פון די כהנים גדולים, וועלכע האָבן געקויפט דעם דאָזיקן אַמט ביי די רוימישע מאַכטהאָבער. דאָס פאָלק האָט דעריבער שטאַרק געהאַסט אָט־די כהנים־גדולים, און איז נישט געגאַנגען אין בית המקדש, ווען זיי האָבן אָפּגעריכט די עבודה; עס פלעגט ליבערשט גיין אין די בתי־כנסיות, וואו די אַמאָליקע זינגער פון די כאָרן פון בית המקדש פלעגן זינגען די מזמורים און הללויה'ס, וואָס זיי פלעגן פריער זינגען דאָרט.

צו יענער צייט זיינען געווען אין ירושלים 394 בתי כנסיות, 394 בתי מדרשים און 394 בתי־ספר, וואו עס האָבן געלערנט קליינע קינדער (כתובות ק"ה, ע"א).

יעדער בית הכנסת האָט געהאַט אַ שולע פאַר קליינע קינדער, וואו מ'האָט מיט זיי געלערנט מקרא. חוץ דעם איז געווען אַ באַזונדערע שול (בית־הספר), צו לערנען מיט די עלטערע קינדער משנה. יעדער בית־הכנסת האָט אויך געהאַט אַ ראש, אַן עלטסטן, וואָס האָט אכטונג געגעבן אַז אַלץ זאָל זיך פירן אין אָרדענונג. ס'איז אויך געווען אַ חזן צו זינגען די תפלות און מזמורים (ירושלמי, מגילה פ"ג).

טאָקע צוליב דער מאָראַלישער געפאַלנקייט פון די כהנים גדולים, וועלכע האָבן געקויפט די כהונה ביי די רוימער און צוליב זייער אומנאָר־מאַלער אויפפירונג אין בית־המקדש, וואָס האָט געקאָנט ברענגען שלעכ־טע קאָנסעקווענצן פאַר דער גאַנצקייט פון יידישן פאָלק, האָבן די גייס־טיקע מנהיגים פון יענער תקופה צוגעגעבן גאָר גרויס וויכטיקייט דעם בית־הכנסת; זייער כוונה איז געווען אָפּצוציען דאָס פאָלק פון דער אויפ־

מערקזאמקייט צו דער עבודה אין בית־המקדש, וואו ס'האָבן געשאַלטעוועט די דערמאָנטע כהנים גדולים.

זיי האָבן געלערנט דאָס פאָלק, אַז אַ ייד טאָר ניט וואוינען אין אַ שטאָט, וואו עס איז ניטאָ קיין בית־הכנסת (סנהדרין י"ז); אַז תפלות ווערן אָנגענומען פון גאָט, נאָר בתנאי ווען מ'זאָגט אָדער מ'זינגט זיי אין בית־הכנסת (ברכות ו'), און אַז דער, וואָס דאַוונט אין בית־הכנסת, איז גלייך ווי ער וואָלט מקריב געווען אַ קרבן מנחה אין בית המקדש (ירו־שלמי, ברכות פ"ג).

אַזוי אַרום איז איבער דער שולד פון די אוממאָראַלישע כהנים גדו־לים צעברעקלט געוואָרן דער גרויסער רעליגיעזער צענטער, דער בית־המקדש, אויף קליינע רעליגיעזע צענטערן: אויף בתי כנסיות, אַזוי אין ירושלים גופא, און אַזוי אויך אין גאַנץ ארץ־ישראל.

## דער בית־הכנסת אין לעצטן גלות.

נאָכן חורבן פון צווייטן בית־המקדש, ווען אַ סך יידן זיינען דורך מלכות רוים פאַרטריבן געוואָרן פון ארץ־ישראל און אַ סך אַנדערע זיי־נען זיך צעלאָפן פון לאַנד צוליב דער טיראַנישער הערשאַפט פון זעלביקן מלכות, האָט ארץ־ישראל אויפגעהערט צו זיין דער נאַציאָנאַלער און רע־ליגיעזער צענטער פון יידישן פאָלק. די אַנטלאָפענע און אַרויסגעטריבע־נע יידן פון ארץ־ישראל האָבן געשאַפן בתי־כנסיות אין אַלע לענדער און געגנטן, וואו נאָר זיי האָבן זיך באַזעצט.

אין אָט־די בתי־כנסיות האָבן זיי זיך פאַרזאַמלט צו רעדן וועגן כלל ענינים, פונקט ווי אַמאָל אין בבל. דאָ האָבן זיי געדאַוונט און מתפלל געווען צו גאָט; דאָ האָבן זיי געזונגען די מזמורים און הללויה'ס, וואָס די לוים האָבן געזונגען אין בית־המקדש, און דאָ האָבן זיי געלערנט מיט זייערע קינדער תורה, נביאים, הלכה, יידישע טראַדיציע און יידישקייט; דאָ, אין בית־הכנסת, האָט מען איינגעפלאַנצט אין די קינדער די זיסע האָפענונג, אַז אינגיכן וועט גאָט ברענגען די גאולה און די יידן וועלן זיך אומקערן צוריק אין זייער הייליק לאַנד ארץ־ישראל.

די יידן, וועלכע האָבן זיך מיט אַ צייט שפּעטער באַזעצט אין מערב־אייראָפּע, האָבן פאַרביטן דעם נאָמען „בית־הכנסת" אויף „שול", ווייל דער בית־הכנסת האָט געדינט ביי זיי אויך ווי אַ שול צו לערנען די קינ־דער יידישקייט. דער נאָמען „שול" האָט פאַרביטן דעם נאָמען בית־הכנסת ביז היינט־צו־טאָג., כאָטש די שול דינט שוין ניט ווי אַ לערן־אַנשטאַלט פאַר קינדער.

אַזוי איז דער בית־הכנסת, וועלכער איז אַנטשטאַנען ביי די יידן אין בבל ווי אַן אָרט פאַר פאַרזאַמלונגען אין משך פון די יאָרן אין גלות,

פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינער פון די שטאַרקסטע גייסטיקע פעסטונ־
גען אָפּצוהיטן די יידישע גייסטיקע אוצרות, וואָס זיי האָבן מיטגענומען
מיט זיך פון ארץ־ישראל, די יידישע גייסטיקע שאַפונגען פאַר דער צייט
פון גלות און טאַקע פאַרהיטן דאָס יידישע פאָלק פון אונטערגאַנג און
אַסימילאַציע.



קאפיטל צוויי.

# דער בית-המדרש

**דער בית המדרש אין ארץ-ישראל. די וויכטיקייט פון בית המדרש. די מיינונג פון די חכמים וועגן בית המדרש. חזקיהו המלך און דער בית המדרש. דער בית המדרש אין די צייטן פון משנה. דער בית המדרש אין גלות. די געוואוינהייט פון תלמידי חכמים צו שאָקלען זיך ביים לערנען. די מע־לאָדיעס ביים לערנען. דער בית המדרש אַלס צווייטע יידישע גייסטיקע פעסטונג.**

דער בית-המדרש איז געווען גאָר אַן אַלטע יידישע אינסטיטוציע אין ארץ-ישראג. ער האָט אין יענע אַלטע צייטן געדינט ווי אַ בית ועד לחכמים, אַ שטוב, וואו חכמים פאַרזאַמלען זיך. דאָס איז געווען אַזאַ מין הויכשול פאַר חכמים און תלמידי-חכמים, צו לערנען און פאָרשן חכמת ישראל. דער בית המדרש איז געווען פיל אָנגעזעענער ביי די יידן אין ארץ-ישראל און אין חוץ-לארץ ווי די שפּעטערדיקע אינסטיטוציע, דער בית-הכנסת, ווייל פון בית-המדרש, דעם בילדונגס-אַנשטאַלט, וואָס איז געווען כמו אַן אוניווערזיטעט, איז פאַרשפּרייט געוואָרן יידישער וויסן פאַר אַלע יידן בכל תפוצות ישראל.

כדי צוצוציען מערער תלמידים, וועלכע זאָלן קומען לערנען אין בית-המדרש, האָט רבי יהודה פאַרלאַנגט, אַז יעדער איינער זאָל לפּחות איין שעה אין טאָג פאַרברענגען אין בית-המדרש (שבת, פ״ג).

רבי לוי בר חייא האָט געזאָגט: דער, וואָס גייט אַרויס פון בית-הכנסת און גייט אַריין אין בית-המדרש, איז ער זוכה מקבל צו זיין די שכינה (ברכות ס״ד).

**אין פּרק-אָבות פ״ה, י״ד רעכנט מען אויס די פיר מדות פון דעם, וואָס גייט אין בית-המדרש:**

א) אויב ער גייט אין בית־מדרש און לערנט דאָרט ניט, באַקומט ער דעם שכר פאַר זיין גיין;
ב) אויב ער לערנט אין דער היים און גייט ניט אין בית־המדרש, באַקומט ער דעם שכר פאַר זיין לערנען;
ג) אויב ער גייט אין בית־המדרש און לערנט דאָרט, איז ער אַ חסיד;
ד) אויב ער גייט ניט אין בית־המדרש און לערנט ניט אין דער היים, איז ער אַ רשע.

יחזקיהו מלך יהודה (געלעבט אין די יאָרן 561—532 פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג) האָט אַריינגעשטאָכן אַ שווערד אין דער טיר פון בית־המדרש און געזאָגט: דער וואָס לערנט ניט קיין תורה, זאָל דערשטאָכן ווערן. האָט מען געזוכט אין גאַנץ ארץ־ישראל, פון דן ביז באר שבע, און מען האָט ניט געפונען קיין איין עם־הארץ (סנהדרין ס״ד).

## דער בית־המדרש אין די צייטן פון משנה.

אין די צייטן פון משנה איז דער גרעסטער בית־המדרש געווען יענער, אין וועלכן די גרויסע תנאים שמעיה און אבטליון האָבן געלערנט מיט זייערע תלמידים, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען דער שפּעטער באַרימטער הלל הזקן, אַדער הלל הנשיא (יומה, ל״ה).

הלל און שמאי זיינען געווען די גרינדער פון די ערשטע ישיבות און בתי־מדרשים אין ארץ־ישראל אונטערן נאָמען בית־שמאי ובית־הלל. ביידע זיינען געווען תלמידים פון די גרויסע תנאים שמעיה און אבטליון.

רבי אליעזר האָט געזאָגט: אין מיין לעבן איז קיינער ניט געקומען אין בית־המדרש פריער פון מיר און קיינער איז ניט אַרויסגעגאַנגען שפּעטער פון מיר (סוכה, כ״ה).

## דער בית־המדרש אין גלות.

אין גלות, בכל תפוצות ישראל, איז דער בית־המדרש געוואָרן דער צענטער פון לערנען תורה און תלמוד. אין די בתי־מדרשים זיינען געזעסן יידן לומדים און האָבן געלערנט תורה.

אין די בתי־מדרשים האָבן זיך געגרינדעט גרויסע ישיבות, וואו מען האָט געלערנט תלמוד און הלכה, און זיי האָבן צוגעצויגן אַ סך תלמידים פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. די תלמידים פון די ישיבות זיינען אויסגעהאַלטן געוואָרן פון די בעלי־בתים פון די שטעט, וואו די ישיבות האָבן עקזיסטירט.

די יעניקע, וואָס האָבן געלערנט אין די בתי־מדרשים, האָבן דאָרט אויך געדאַוונט.

אין בית־המדרש האָט מען ניט טאָלערירט קיין חזנים און גאַנץ אָפּט זיי באַקעמפט, ווייל די מתפללים זיינען געווען איבערצייגט, אַז דער חזן איז אויסן מיט זיין פראַווען חזנות אויסצונעמען ביים עולם, און דערמיט איז ער מבטל די צייט און ציט אָפּ פון לערנען תורה.

אין בית־המדרש איז דער שליח־צבור געווען אַ ייד אַ למדן, וואָס האָט געדאַווענט לויטן אָנגענומענעם האַרציקן טראַדיציאָנעלן נוסח התפלה און האָט פאַרנומען נאָר די נויטיקסטע צייט.

## די נגינה אין בית־המדרש און די געוואוינהייט צו שאָקלען זיך ביים לערנען.

אין בית־המדרש האָט זיך געשאַפן און אַנטוויקלט אַן אייגנאַרטיקע נגינה ביים לערנען תורה, הלכה און תלמוד.

למדנים, ישיבה־בחורים און סתם בעלי־בתים האָבן געלערנט זינגענדיק. די מעלאָדיע מיטן אינהאַלט פון לערנען האָבן אָנגעפילט דעם בית־המדרש מיט קדושה, בענקעניש און האַרציקייט.

דאָס פאַרטיפן זיך אין לערנען האָט אַרויסגערופן די באַוועגונג פון קערפּער (דאָס שאָקלען זיך).

דאָס שאָקלען זיך האָט געשאַפן דעם ריטם צו דער מעלאָדיע פון לערנען, וואָס איז אַנטשטאַנען פון דער גייסטיקער אָנשטרענגונג צו מאַכן לייכטער צו פאַרשטיין דאָס געלערנטע און עס צו געדענקען.

די מעלאָדיע פון לערנען תלמוד און הלכה איז פאַרן לערנער די גייסטיקע לייטער אויף וועלכער ער קלעטערט, בכדי צו דערגרייכן צום סאַמע שפּיץ צו דער העכסטער מדרגה פון פאַרשטיין און באַנעמען דאָס געלערנטע.

זייענדיק שטאַרק פאַרטיפט אין לערנען, זינגענדיק און שאָקלענדיק זיך, גיט פּלוצלינג פאַרן לערנער אַ שיין־אויף אַ גרויסע ליכטיקייט. עס ווערט אים ליכטיק אין מח; ער האָט דערגרייכט דעם העכסטן שטאַפּל פון בינה, פון פאַרשטאַנד; די שווערע סוגיא, דער טיפער ענין, איז פאַר אים געוואָרן קלאָר. זיין גאַנצער וועזן ווערט אָנגעפילט מיט אינערלעכער פרייד און צופרידנקייט; דאָס איז די חדוה פון אַ מנצח, אַ זיגער.

געהאָלפן צו דעם זיג האָט די מעלאָדיע און דאָס שאָקלען זיך וועלכע האָבן געשאַפן אַ פּערפעקטע האַרמאָנישע מענטאַליטעט און גורם געווען, אַז די שווערסטע, די קאָמפּליצירטסטע שטעלן פון געלערנטן זאָלן לייכטער פאַרשטאַנען ווערן.

## די מעלאָדיע פון לערנען תלמוד און הלכה.

די מעלאָדיע פון לערנען איז אַ האַרציקע, פול מיט בענקשאַפט, און זי ציט זיך אַרויף צו די הויכע הימלען.

מיט דער צייט האָט זיך פון דער מעלאָדיע אויסגעקריסטאַליזירט אַ נוסח צו לערנען יידישן ווישן מיט אַן אייגנאַרטיקן ריטם, אַ באַזונדערן פאַר אַלע קענגנשטאַנדן פון חכמת ישראל: פאַר תלמוד, הלכה, אגדה, חומש מיט רש"י, נביאים, תהלים, מגילות אסתר, איכה, רות, שיר־השירים און קהלת, וואָס איז, מיט קליינע ענדערונגען, אָנגענומען גע־וואָרן בכל תפוצות ישראל.

## דער בית־המדרש אַלס שטאַרקע גייסטיקע פעסטונג פון יידישקייט.

דער בית־המדרש איז געוואָרן די צווייטע יידישע שטאַרקע גייסטיקע פעסטונג, וואָס האָט פאַרהיט די יידן אויפן גאַנצן ערד־קיילעך פון אונ־טערגאַנג און פון אסימילאַציע.

ער האָט געגעבן די יידן אין אַלע צייטן אַ שטאַרקן אינהאַלט און אָנהאַלט אין לעבן אַלס יידן.

אין בית־המדרש האָט זיך צעבליט תורה און הלכה, וואָס האָט אַרויס־געגעבן די בעסטע גייסטיקע פרוכט, מיט וועלכע עס האָבן זיך דערנערט דורות און דורות יידן, וואָס האָבן געהאַלטן הויך די פאָן פון יידישקייט און זי פאַרטיידיקט מיט מסירת־נפש.

קאַפּיטל דריי

# נוסחאות התפלות פון בית הכנסת

**נוסח. נוסחאות התפלות. מיינונג פון אַ גרויסן מוזיקאַלישן קאָמפּאָזיטאָר וועגן דער עוואָלוציע פון דער יידישער מו־זיק. מוזיק ביי יידן אין די צייטן פון די שופטים ביז שמואל הנביא. מוזיק אין די צייטן פון שמואל הנביא, שאול המלך און דוד המלך. יידישע מוזיק נאָכן חורבן פון בית שני. דער תורה צענטער יבנה. דער בית הכנסת אַלס מקדש מעט, מיניאַטור בית המקדש. תפלה אנשטאָט קרבנות. נוסחאות פון די תפלות פון בית הכנסת.**

---

נוסח — אַ סטיל, אַ קלאַסישע פאָרם פון געזאַנג, מאַלעריי, אַרכי־טעקטור, סקולפּטור און אַנדערע קונסטן.

נוסחאות התפלה זיינען יידישע קלאַסישע מעלאָדיעס און אופנים, לויט וועלכע די יידן זינגען אָדער זאָגן זייערע פאַרשידענע תפלות.

אַ גרויסע טייל פון די מעלאָדיעס און געזאַנג־אופנים זיינען אַ קאָפּיע פון די קלאַסישע געזאַנגען, וואָס די לוים האָבן געזונגען אין בית־המקדש אויפן זעלביקן שטייגער, ווי זיי האָבן אָפּגעריכט די עבודת־הקודש.

אַ גרעסערע טייל פון די דערמאָנטע מעלאָדיעס זיינען אַריבערגע־טראָגן געוואָרן אויף די נייע צוגעקומענע תפלות אין די ערשטע יאָרן נאָכן חורבן בית־שני, אין גלות.

די נייע נוסחאות התפלה פון גלות זיינען ריינע נשמה־אויסגוסן פונם כלל, פונם פאָלק, וואָס ציט זיין גייסטיקע יניקה פון זיין רייכן עבר, פון זיין רייכער פאַרגאַנגענהייט, פון דער פאַרגאַנגענהייט, ווען מען איז געווען אַ פאָלק אין אייגענעם לאַנד.

דאָס זיינען פאָרמען פון נגינות, פול מיט קדושה פון אַ פאָלק, וואָס

דערנענטערט זיך דורך תפלה און שירה צו זיין גאָט און דריקט אויס דורך זיי זיין בענקשאַפט, ליבשאַפט און צוגעבונדנקייט צו אים.

א סך תפלות מיט זייערע נוסחאות זיינען געלייטערטע און געהיי־ליקטע אין בלוט און טרערן פון גאַנצן יידישן פאָלק.

אין די נוסחאות און תפלות פון גלות האָבן זיך צוזאַמענגעשמאָלצן די יידישע גייסטיקע גבורה מיט דעם יידישן רעליגיעזן געפיל און אַזוי אַרום געשאַפן א כעמיש־גייסטיקן פּרעפּאַראַט, וואָס האָט געשטאַרקט דאָס יידישע פאָלק דורך דער צייט פון לאַנגן ביטערן גלות און סטימולירט גלויבן און בטחון אין א גליקלעכער צוקונפט פאַר דעם יידישן פאָלק און א הערלעכן אחרית הימים פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

## מיינונג וועגן דער עוואָלוציע פון דער יידישער נגינה.

א גרויסער מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָר פון די אומות העולם האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט וועגן דער אַנטשטייאונג און עוואָלוציע פון מוזיק אין אַלגעמיין און וועגן יידישער מוזיק אין פּאַרטיקולאַר. ער האָט געזאָגט:

„דאָס פאָלק שאַפט זיין מוזיק אויטאָמאַטיש. אַזוי איז עס אין דער סאַמע התחלה און אַזוי אויך, ווען דאָס זעלביקע פאָלק געפינט זיך שוין אויף דער מדרגה פון דער העכסטער ציוויליזאַציע, ניט וויסנדיק און ניט פילנדיק אַז עס שאַפט. עס איז ביי אים נאַטירלעך צו זינגען ביי זיינע באַשעפטיקונגען פּונקט ווי ס'איז ביי אים נאַטירלעך צו אָטעמען די אַרו־מיקע לופט. מיר, די קאָמפּאָזיטאָרן, באַאַרבעטן דערנאָך זייער מאַטעריאַל און דערהויבן דאָס געזונגענע צו דער העכסטער מדרגה פון קונסט".

דאָס יידישע פאָלק האָט נאַטירלעך געשאַפן זיין מוזיק, אָנהייבנדיק פון יציאת מצרים ביז צום בוי פון זיין הערלעכן טעמפּל דורך זיין קלוגן קעניג שלמה.

אין טעמפּל האָבן די טאַלאַנטירטע מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָרן באַ־אַרבעט דעם מוזיקאַלישן מאַטעריאַל און דערהויבן אים צו דער העכסטער מדרגה פון קונסט, צו דער סאַמע געטלעכקייט, ווייל מיט אָט־דער מוזיק האָבן זיי אויסגעזונגען הימנען, הללויה'ס און מזמורים צו זייער גאָט.

ווען די טעמפּלען פון יהודה זיינען חרוב געוואָרן, האָבן די יידן מור־מיזירט זייער מוזיק און מיטגענומען מיט זיך אין גלות.

אין גלות, זייענדיק צעשפּרייט איבערן גאַנצן קאָנטינענט, אונטער פאַרשידענע קלימאַטישע און געאָגראַפישע באַדינגונגען, האָבן די יידן געשאַפן זייער אייגנאַרטיקע מוזיק, ניט פילנדיק אפילו, אַז זיי שאַפן גייסטיקע אוצרות, ווייל ס'איז ביי זיי געווען נאַטירלעך אויסצוזינגען זייערע פריידן און לײדן... ערשט נאָכדעם זיינען געקומען די באַגאַבטע יידישע מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָרן, האָבן באַאַרבעט דעם דאָזיקן מוזיקאַ־

לישן מאַטעריאַל און אים פאַרוואַנדלט אין הערלעכע געזאַנגען זיי אויס־צוזינגען פאַר זייער גאָט אין די פּראַכטפולע טעמפּלען, וואָס זיי האָבן אויסגעבויט אין פאַרשידענע לענדער.

## מוזיק אין די צייטן פון די שופטים, שמואל הנביא און דוד המלך.

באַאָבאַכטנדיק די עוואָלוציע פון דער יידישער היסטאָריע, זעט מען, ווי טרעפלעך דער דאָזיקער מוזיקער האָט כאַראַקטעריזירט די יידישע נגינה. ווייל פון יציאת מצרים (לערך 1312 יאָר פאַר דער קריסטל. צייט־רעכענונג), ביז שמואל הנביא, אין משך פון דער גאַנצער צייט פון די שופטים, ווערט ניט דערמאָנט גאָרנישט וועגן יידישע כאָרן און אָרקעס־טערס, און אויך נישט וועגן מוזיקאַלישע אינסטרומענטן, עס ווערט נאָר דערמאָנט דער שופר.

עס איז זיכער, אַז דאָס פאָלק וואָס האָט געפירט אַ נאַטירלעך לעבן פון פעלד־אַרבעטער האָט געזונגען ביי אַלע געלעגנהייטן: ביים אַקערן, וויען, שניידן און ביים איינזאַמלען די פּרוכט פון די גערטנער און די תבואה פון די פעלדער; זיך געפרייט, ווען עס איז געווען אַ גוט גערעטעניש אויף די פעלדער און עס אויסגעדריקט נאַטירלעך דורך געזאַנג און טענץ; האָט זיך געזאָרגט, ווען עס איז געווען אַ טריקעניש אָדער אַ היישעריק האָט אָפּגעגעסן דאָס אויפגעגאַנגענע פונעם פאַרזיי, און האָט עס אויס־געדריקט אין לידער און תפלות; האָט געזונגען און געטאַנצט, ווען מען האָט באַזיגט די שונאים אין אַ מלחמה און געזונגען טרויער־לידער, ווען מען איז באַזיגט געוואָרן פונעם שונא אין אַ מלחמה.

קיין גרויסן וועזן פון מוזיק אַלס אַזעלכער האָט זיך דאָס יידישע פאָלק ניט געמאַכט, פּונקט ווי ס'האָט נישט געמאַכט קיין וועזן פון אַלע נאַטירלעכע באַדערפענישן: עסן, אַרבעטן, שלאָפן, א. א. וו.

אַזוי איז דורכגעגאַנגען די יוגנט־צייט פונעם יידישן פאָלק, וואָס איז נוגע צו מוזיק ביז די צייטן פון שמואל הנביא.

אין גבעת האלהים, אין די צייטן פון שמואל הנביא (889 יאָר פ. ק.), טרעפן מיר זיך אָן צום ערשטן מאָל אין דער יידישער היסטאָריע מיט אַ גאַנצער מוזיקאַלישער אינסטיטוציע.

דאָס האָבן באַגאַבטע מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָרן באַאַרבעט די פון דורות אָנגעקליבענע מוזיקאַלישע מאַטעריאַלן, זיי אויסגעבעסערט לויט דעם באַגריף און פאַרשטענדעניש פון יענער צייט, אָרגאַניזירט כאָרן און אָרקעסטערס פון פאָלגנדע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן: נבל, חליל, כנור און צלצלים (שמואל א', ה').

פון די צייטן פון שמואל הנביא ביז די צייטן פון דוד המלך מערקט זיך אָן אומגעהויערער פּראָגרעס אויפן געביט פון אָרגאַניזירטער מוזיק ביי יידן. עס זיינען צו יענער צייט געווען גרויסע גוט־אָרגאַניזירטע כאָרן

און אָרקעסטערס פון אַזאַ הויכער מוזיקאַלישער קוואַליטעט און מיט אַזאַ פּערפעקציע, אַז דוד המלך, דער נעים זמירות ישראל, האָט פון זיי גע־קאָנט אויסקלייבן 38 טויזנט לוים, זינגער און שפּילער און 4000 מהללים (זינגער פון לויב־לידער) צו גאָט, מוזיקער וואָס האָבן געקאָנט זינגען אין כאָרן און שפּילן אויף די נאַציאָנאַלע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן און אויך אויף די נייע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן, וואָס דוד אַליין האָט דער־פונדן (ארבעת אלפים מהללים לה׳ בכלים אשר עשיתי להלל (דברי הימים, א׳, ה׳).

דוד המלך צוזאַמען מיט די גרויסע מוזיקאַלישע טאַלאַנטן פון זיין צייט, די באַוואוסטע גרויסע מוזיקער און פּאָעטן, וועלכע פאַרנעמען אַזאַ בכבודיקן אָרט אין ספר תהלים: הימן בן יואל, איתן בן קושיה (אָדער ידותון) און אסף, האָבן געלייטערט די מוזיק, וואָס דאָס פאָלק האָט גע־שאַפן, אויסגעסדרט די געלייטערטע, קאָנאָניזירט די אויסגעסדרטע און רעגלאַמענטירט די קאָנאָניזירטע, צו זינגען פאַר גאָט אין בית־המקדש, וואָס שלמה המלך האָט געדאַרפט אויסבויען; זיי האָבן אויך צוזאַמענ־געשטעלט און אָרגאַניזירט פון די פּעאיקסטע זינגער און שפּילער גרויסע פאַרשידנאַרטיקע כאָרן און אָרקעסטערס פאַרן קעניגלעכן הויף און פאַרן פאָלק, מיט געקליבענע ווירטואָזן פון יעדן מין מוזיקאַלישע אינסטרו־מענטן, אַלס סאָליסטן און דיריגענטן־מנצח׳ס, אָנצופירן מיט די דער־מאָנטע כאָרן און אָרקעסטערס.

די נגינה, וואָס דוד המלך מיט זיינע באַגאַבטע גרויסע מוזיקער האָבן באַאַרבעט, אויסגעסדרט, קאָנאָניזירט און רעגלאַמענטירט, איז גע־וואָרן איינגעפירט אַלס אינטעגראַלע מוזיקאַלישע טייל פון עבודת־הקודש אין בית־המקדש פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין עקזיסטענץ (510 יאָר) און איז אויך געבליבן אַלס הייליקע טראַדיציע (נוסח) פון עבודת הקודש במשך דער גאַנצער צייט פון צווייטן בית המקדש (520 יאָר), וואָס איז נוגע די וויכטיקסטע טיילן פון עבודת הקודש, פאַר וועלכער עס זיינען שוין געהאַט געשאַפן געוואָרן ספּעציעלע דינים און רעגלאַמענטן ווי זיי אָפּצוהיטן, און וויפיל מוזיקאַלישע אינסטרומענטן מען דאַרף געברויכן ביים שפּילן ביי די פאַרשידענע געלעגנהייטן פון עבודת הקודש אין בית־המקדש (ערכין, י׳, ע״א).

## יידישע נגינה נאָכן חורבן בית שני.

נאָכן חורבן בית שני איז די נגינה, וואָס מען האָט געזונגען אין בית־המקדש, אַריבער אַלס קלאַסישע נוסחאות אין די בתי־כנסיות און בתי־מדרשים.

דער פּראָצעס פון דער עוואָלוציע איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאַטירלעך. ווייל אין דער צייט, ווען דער צווייטער בית־המקדש איז נאָך געווען אין

פולער פונקציע און די עבודה איז דאָרט אָנגעגאַנגען רעגלמעסיק, דער־ציילט רבי יהושע בן חנניה, וועלכער איז אַליין געווען אַ לוי, אַז אין זיינע צייטן פלעגט אין אַ סך פאַלן פון גרויסע פייערונגען דער כאָר פון בית־המקדש אַריבערגיין אין די דערבייאיקע בתי־כנסיות און זינגען דאָרט די מזמורים, וואָס ער האָט געזונגען אין בית־המקדש.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז נאָכן חורבן פון בית שני האָבן זיך פאַר־מירט כאָרן אין די בתי־כנסיות, צוזאַמענגעשטעלט פון די זינגער פון בית־המקדש, און זיי האָבן דאָרט געזונגען די מזמורים און הללויה׳ס, ווייל די בתי־כנסיות און די בתי־מדרשים זיינען דאַן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מקדשי מעט, אין מיניאַטורן פון בית־המקדש. אַזוי אַרום זיינען די נגי־נות פון בית־המקדש מיט אַלע זייערע קלאַסישע נוסחאות אַריבער אין די בתי־מדרשים און בתי־כנסיות.

די פאָרם פון זינגען די מזמורים, הללויה׳ס און תפלות אין די בתי־כנסיות איז געווען דיזעלביקע ווי אינעם נוסח, אַזוי ווי מען האָט עס געזונגען אין בית־המקדש.

אין בית־המקדש איז געווען איינגעפירט דער אַנטיפאָנישער געזאַנג (אַנטי — קעגן, פאָן — קלאַנג). איין כאָר האָט געזונגען דעם ערשטן האַלבן פסוק פון אַ מזמור און דער צווייטער כאָר האָט איבערגעחזרט דעם זעלביקן פסוק, און אַזוי כסדר. אָדער איין כאָר האָט געזונגען דעם גאַנצן פסוק פון אַ מזמור און קהל האָט געענטפערט מיטן אַנדערן האַלבן פסוק. למשל: „הודו א״ד כי טוב״, אויף וואָס קהל האָט געענטפערט: „כי לעולם חסדו״. אָט־די פאָרם פון זינגען האָט געהייסן „ראש־פרק״.

אָדער גאָר: איין כאָר האָט אָנגעפאַנגען מיטן ערשטן פסוק, און דער צווייטער כאָר האָט געענטפערט מיטן צווייטן פסוק און אַזוי ווייטער (סוכה, ל״ח, ב׳).

אָט־די פאָרעם פון זינגען מזמורים און הללויה׳ס האָט מען איינ־געפירט אין די בתי־מדרשים און בתי־כנסיות, נאָר אנשטאַט כאָרן ווערט עס דורכגעפירט פון חזן און קהל.

דער חזן פאַנגט אָן אַ מזמור אָדער אַ תפלה און דער עולם כאַפּט אונטער די אַנדערע פסוקים; דער חזן ענדיקט אַ מזמור אָדער אַ תפלה און דער עולם הויבט אָן דעם צווייטן מזמור אָדער תפלה, א. א. וו.

די אַלע רעפראַנען, וואָס דער עולם האָט אויסגעזונגען אין בית־המקדש נאָך יעדער ברכה אָדער הימן, ווי: אמן, הללויה, הושיעה נא, הושענא, הצליחה נא, כי לעולם חסדו און אַנדערע, ווערן געזונגען אין די בתי־מדרשים, פונקט ווי אַמאָל אין בית־המקדש.

ווי אַ באַשטעטיקונג, אַז אין די בתי־מדרשים און בתי־כנסיות זינגט מען נאָך ביז היינט צו טאָג די אויטענטישע נגינה פון אַמאָל, קאָנען אונדז דינען די גרעגאָרישע געזאַנגען, וואָס מען זינגט נאָך היינט אין די קיר־

כעס, וואָס זיינען די אויטענטישע געזאַנגען, וואָס מען האָט אַמאָל געזונ־גען אין בית־המקדש (זע ערשטע טייל), ווי אויך די נגינה פון די תפלות ביי די תימנער יידן און פון אַלע אַלטע יידישע צענטערן פון בבל, פרס, מדי, דרום־אַפריקע און אַנדערע, וואו ס'האָבן אָנגעהאַלטן אין אַ פרימי־טיווער פאָרם די יידישע נגינות פון אַמאָל, וועלכע גלייכן זיך אויס מיט אייניקע נוסחאות פון מזמורים און תפלות פון שבת, יום־טוב און ימים־נוראים (זע ערשטע טייל).

די נסחאות התפלה זיינען געוואָרן אין די גלותן בכל תפוצות ישראל דער לשון הקודש פון אונדזערע רעליגיעזע געזאַנגען.

## דער תורה־צענטער „יבנה".

ווען מלכות רוים האָט חרוב געמאַכט דאָס יידישע לאַנד און האָט זיך פאַרמאָסטן אומצוברענגען דאָס יידישע פאָלק דורך גזרות רעות, האָבן זיך דאַן פון ירושלים אַרויסגעצויגן צוויי פאַרשידענע גרופעס יידן. איין גרופע איז באַשטאַנען פון די אָנהענגער פון ישו הנוצרי. זיי האָבן איבערגעריסן מיט יידן און מיט יידישקייט, האָבן פאַרלאָזן דאָס הייליקע לאַנד און איבערגעלאָזן זייער פאָלק אויף הפקר.

די צווייטע גרופע איז באַשטאַנען פון תנאים, אמוראים און גדולי־הדור, וועלכע האָבן געצויגן קיין יבנה און האָבן דאָרט אויפגעשטעלט אַ נייעם יידישן צענטער צו לערנען און צו פאַרשן די תורה.

יבנה איז פאַר אַ קורצער צייט געוואָרן דער גרעסטער און וויכטיק־סטער צענטער פון תורה־לערנען נאָך ירושלים. דאָרט איז געוואָרן דער זיץ־אָרט פון די סנהדרין ביז די צייטן פון בר־כוכבא.

נאָך הונדערטער יאָרן לערנען און פאַרשפרייטן תורה צווישן די יידן בעל פה (אויסנווייניק), האָט מען דאָס געלערנטע און געפאָרשטע ביז דאַן, פאַרצייכנט בכתב, אין די זעקס ספרים פון משנה און תלמוד, אַ דאַנק וועלכן עס האָבן זיך געקאָנט שאַפן און אַנטוויקלען אַ סך נייע תורה־צענטערס, ווייט פון יבינה, איר דער פאָרם פון ישיבות און בתי־מדרשים, אין אַלע לענדער, וואו יידן האָבן זיך באַזעצט.

## בית־הכנסת אַלס מקדש מעט.

צו דער זעלבער צייט, ווען די ישיבות האָבן זיך שטאַרק אַנטוויקלט און צעוואַקסן בכל תפוצות ישראל, האָבן זיך אויך שטאַרק אַנטוויקלט און צעוואַקסן די בתי־כנסיות.

די בתי־כנסיות זיינען פאַררעכנט געוואָרן אין גלות פאַר קליינע בית המקדש'ן, מקדשי מעט. און די תנאים האָבן אין די קליינע בית־המקדש'ן געשאַפן אַ סביבה פון קדושה, פונקט אַזוי ווי עס איז געווען

אין בית־המקדש אין ירושלים. זיי האָבן דאָס באַוויזן דורך דעם, וואָס זיי האָבן דאָרט איינגעפירט אַ געוויסן מין אָפּשפּיגלונג פון דער עבודה אין בית־המקדש.

ניט האָבנדיק די מעגלעכקייטן מקריב צו זיין קרבנות אין די בתי־כנסיות ווי דאָס איז געווען איינגעפירט אין בית־המקדש, האָבן זיי איינגעפירט תפלה, — דאַוונען, אנשטאָט מקריב זיין קרבנות.

אויסער דעם וואָס תפלה האָט אין גלות פאַרביטן קרבנות, האָט מען איינגעפירט איבערצוזאָגן אַלע טאָג בעתן דאַוונען די דינים פון קרבנות, פון צוגרייטן די בשמים און ווי אַזוי זיי מקטיר צו זיין.

אַ ייד מוז אַלע טאָג דאַוונען די פּסוקי דזמרה (די פּסוקים פון געזאַנג), די הללויה׳ס, וואָס מען האָט געזונגען אין בית־המקדש, אויך דעם שיר של יום, וואָס די לוים האָבן דאָרט געזונגען; אין די ימים־טובים און ימים־נוראים דוכענען די כהנים, וועלכע זינגען און בענטשן די מתפּללים, פּונקט ווי אַמאָל האָבן זייערע עלטער־זיידעס געטאָן דאָס נעמלעכע אין בית־המקדש. צו דעם קומט צו דאָס בלאָזן שופר אין ראש־השנה און יום־הכפּורים; דאָס פאַלן כורעים אין די זעלבע טעג; די הקפות אַרום באַלעמער הושענא־רבה און שמחת־תורה, וועלכע אימיטירן די הקפות, וואָס מען האָט געמאַכט אַרום מזבח אין בית־המקדש; דער ארון קודש איז בבחינת קדשי הקדשים.

דאָס אַלעס האָבן די גייסטיקע מנהגים אַריינגעבראַכט פון בית־המקדש אין די מקדשי מעט, כדי די קדושה פון בית־המקדש זאָל הערשן אויך אין די בתי־כנסיות און זאָל זיין לאַטענט ביי די יידן, אַז ס׳זאָל כסדר וועקן ביי זיי דעם ווילן און שטרעבונג זיך צוריק אומצוקערן אַהיים, אין אייגענעם לאַנד, ארץ־ישראל. צו דעם קומען צו די קלאַסישע נוסחאות התפלה, וואָס זיינען אַריבערגעטראָגן געוואָרן פון בית־המקדש אין די בתי־כנסיות (זע אויבן).

קאַפּיטל פיר

# נייע תפלות און נייע נוסחאות אין גלות

סליחות און תפילות פאַר די לעצטע צוויי טויזנט יאָר גלות. זייער אייגנאַרטיקע מעלאָדיע. יידישע גייסטיקע פאַרטיידיקונגס־גבורה און דער רעליגיעזער געפיל. יידישע אַטמאָספער פון קדושה. יידישע שבתים. יידישער ספּעציע־לער גוסט צו זינגען די תפלות און הימנעס אין שבת־דיקן דאַוונען. דער גוסט צו זינגען און דאַוונען פרייטיק־צו־נאַכט. **די תפלות „א״ד מלך״, „מגן אבות״ און „ויכלו״.** נוסחאות התפלה, וואָס זיינען פאַרוואָרצלט אין דער אַלטער קלאַסישער נגינה, וואָס מען האָט געזונגען אין ארץ־ישראל. פרעמדע נגינות צוגעפּאַסטע צו די יידישע תפלות. פּראָטעסטן פאַר ווען פאַרבייטן די קלאַסישע נוסחאות התפלה אויף פרעמדער נגינה. ס׳איז לייכט צו דערקענען לויט די נוסחאות התפלה, וואָס פאַר אַ יום־טוב עס איז.

---

פאַר די לעצטע צוויי טויזנט יאָר גלות האָט זיך דער רעפּערטואַר פון אונדזערע תפלות און סליחות פילפאַכיק פאַרגרעסערט.

זייענדיק פאַקטיש אומבאַהאָלפן צו קאָנען זיך פיזיש פאַרטיידיקן קעגן די רדיפות, באַליידיקונגען און דערנידערונגען מצד די פעלקער, צווישן וועלכע דעם יידישן פאָלק איז אויסגעקומען צו לעבן האָט עס זיך געווענדט נאָך הילף צו זיין גאָט דורך תפלות און סליחות און געבעטן ביי אים רחמים, ער זאָל זיי באַפרייען פון ביטערן גלות און וואָס גיכער צונויפזאַמלען די פאַרשטויסענע יידן פון גאַנצן ערד־קיילעך און זיי ברענ־גען צוריק קיין ציון.

און אַזוי ווי צרות און רדיפות זיינען געווען די טאָג־טעגלעכע שפּייז

פון די יידן אין גלות, האָט זיך כסדר פאַרמערט די צאָל תפלות און סליחות.

נאָך יעדער שלעכטער גזרה, וואָס אַ שלעכטע רעגירונג האָט אַרויס־געגעבן קעגן די יידן, איז גלייך געשאַפן געוואָרן אַ בקשה צו גאָט נאָך הילף. די דאָזיקע בקשות זיינען באַשטאַנען אין האַרציקע תפלות און סליחות.

מיט דער צייט זיינען אָט די אַלע תפלות און סליחות אַריינגענומען געוואָרן אין די סדורים, מחזורים און סליחות, צו זאָגן זיי בציבור און ביחידות אין באַשטימטע טעג.

## די אייגנאַרטיקע נגינה פון די סליחות און תפלות

ווי עס איז צו זען פון דעם אינהאַלט פון די תפלות און סליחות, זיינען זיי דער טרויעריקסטער פּראָדוקט פון די גזרות רעות וקשות, וואָס די שלעכטע פעלקער האָבן אויף אונדז אַרויפגעלייגט. די תפלות און סלי־חות האָבן פון זיך זעלבסט, פון זייער אינהאַלט, אַרויסגעגעבן זייערע אייגנאַרטיקע מעלאָדיעס, ווי אַזוי זיי צו זינגען, ווי אַזוי זיי מוזיקאַליש צו באַקליידן, כדי זיי זאָלן קומען פאַר גאָט און אים אויסדערציילן דעם צער און ווייטיק פון זיין אויסדערוויילט פאָלק.

די מעלאָדיעס זיינען, אַזוי אַרום, געוואָרן דער אָפּקלאַנג פון טיפן יידישן וויי, דער געשריי פון יידישער פאַרצווייפלונג, דער קרעכץ פון יידישער פיזישער אומבאַהאָלפנקייט, באַשטראַלט פון דער ליכטיקער זון פון יידישער אמונה און בטחון אין זיין גאָט און אין זיין צוקונפט.

דורך דער צייט זיינען די מעלאָדיעס געוואָרן דער שליסל צום קוואַל פון יידישע טרערן.

זינגענדיק די יידן זייערע תפלות און סליחות און וויינען זיך אַראָפּ פונעם האַרצן; קומען אַרויף יידישע תפלות צו גאָט, געטובלט און גע־הייליקט אין יידישע טרערן. צעשטראַלט זיך די יידישע אמונה און בטחון אין גאָט, ווערט לייכטער און ליכטיקער אויף דער נשמה.

## יידישע גייסטיקע גבורה און דער יידישער רעליגיעזער געפיל

דאָס יידישע פאָלק איז דאָס איינציקע אין דער וועלט, אויף וועמענס דורותדיקן מאַרטירער־וועג ס'האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט און פאַראיי־ניקט צוויי וואונדערבאַרע גייסטיקע כוחות, וועלכע האָבן אים געגעבן גענוג פיזישן כח צו קאָנען איבערטראָגן אַזוי פיל צרות פון גלות.

זייענדיק כסדר געיאָגט און געפּלאָגט פון די פעלקער, צווישן וועל־כע ס'איז דעם יידישן פאָלק אויסגעקומען צו לעבן, האָבן זיך ביי די יידן אַנטוויקלט שטאַרקע פאַרטיידיקונגס־כוחות און אַ ווידערשטאַנד, וואָס איז מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גייסטיקער פעסטונג, צו

וועלכער די פעלקער, וואָס האָבן אונדז געוואָלט פאַרטיליקן, האָבן ניט גע־קאָנט צוקומען און זיי נישט געקאָנט בייקומען.

די ערשטע גייסטיקע פעסטונג איז דער יידישער רעליגיעזער געפיל, דער געפיל און דער גלויבן באמונה שלימה, אַז גאָט וועט ניט פאַרלאָזן זיין פאָלק אין גלות, און די איבערצייגונג, אַז די ליידן פון גלות זיינען ניט מער ווי אַ שטראָף פון זיין ליבן נאָמען פאַר די באַגאַנגענע זינד. נאָכן אָפּקומען די שטראָף פאַר די זינד, וועט גאָט אויסלייזן זיין פאָלק פון גלות און עס ברענגען צוריק קיין ציון.

די צווייטע גייסטיקע פעסטונג איז אונדזער אומבאַגרענעצטע אייגנ־אַרטיקע גייסטיקע גבורה זיך צו באַהערשן אין די קריטישע מאָמענטן פון גלות, ניט אַריינצופאַלן אין יאוש, אין פאַרצווייפלונג, ווי אויך אונ־דזער אינערלעכע גייסטיקע שיינקייט און שטאַרקייט, אונדזער גייסטי־קער אַריסטאָקראַטיזם, וואָס האָט געהאָלפן צו קאָנען אויסהאַלטן די גע־פערלעכסטע שטורעמס פון גלות, צו דער דערשטוינונג פון יענע פעלקער, וועלכע האָבן געזוכט אונדז צו פאַרטיליקן.

די פאַראייניקטע גייסטיקע כוחות האָבן זיך אומעטום, בכל תפוצות ישראל קעגנגעשטעלט דעם ברוטאַלן פיזישן דרוק פון די פעלקער און זיי האָבן געזיגט, — יידן זיינען געבליבן יידן אין אַלע צייטן און אונטער אַלע אומשטענדן.

מיר האָבן געגעבן אונדזערע קינדער די הומאַניטאַרסטע יידישע דער־ציאונג פון תורה און נביאים און קיינמאָל ניט איינגעפלאַנצט אין זיי קיין האס צו וועלכע ניט איז פעלקער, וועלכע האָבן אונדז שטאַרק וויי געטאָן. ווייל אונדזער אינערלעכער גייסטיקער אַריסטאָקראַטיזם האָט עס אונדז ניט דערלויבט. מיר זיינען אַלע מאָל געשטאַנען הויך און זיך גע־פילט העכער פון אונדזערע באַדריקער... זיי זיינען די מערדער און ניט מיר.

## יידישע אַטמאָספער פון קדושה; יידישע שבתים

געלעבט האָט דאָס יידישע פאָלק אין אַ שטענדיקער אַטמאָספער פון קדושה: אין שול ביים דאַוונען און ביים לערנען תורה; אין שטוב ביים אָפּהיטן כשרות, טהרת המשפחה, שבתים, ימים־טובים און אַלגע־מיינע יידישע טראַדיציעס; ביי מלאכה און מסחר, וואו מען האָט אָפּגע־היט יידישע מאָראַל און עטיק, און קדושת שבת ויום־טוב, וואָס האָט די יידן אָפּגעזונדערט פון די אַלע פעלקער פון אַרום.

די שבתים און ימים־טובים האָבן פאַרוואַנדלט די יידן אין בני־מלכים און זיי געקרוינט מיטן כתר קדושה.

מיטן מאָמענט פון אָנצינדן די שבת־יום־טוב־ליכט ווערט די יידישע וועלט פאַרוואַנדלט אין אַ שלום ושלוהדיקער; דער גאַנצער אַרום פון דער

יידישער שטוב נאָך ליכט־בענטשן ווערט פאַרוואַנדלט אין קדושת שבת. עס פאַרשווינדט פונעם יידישן פּנים די זאָרג, דער אומרו, די וואָכעדי־קייט; עס גלייכן זיך אויס די קנייטשן פון זיין פּנים און אַ הייליקע רואי־קייט באַהערשט זיין גאַנצן וועזן. ער ווערט כלו שבת.

די ספּעציעלע שבת'דיקע מלבושים גיבן צו דעם יידן חשיבות און קדושה, פּונקט ווי להבדיל די פּאַראַדנע קליידער גיבן צו גלאַנץ די מי־ליטער־לייט ביי פּאַראַדן, און ער געפינט זיך אין אַ סביבה פון גאָלער רוחניות.

## יידישער איינפיר צו זינגען תפלות און הימנען ביים שבתדיקן דאַווגען.

פון דער קדושת־שבת, ווען דער ייד האָט זיך געפילט אַזוי נאָענט צו זיין גאָט, האָבן זיך אין משך פון דורות אויסקריסטאַליזירט ספּעציעלע מעלאָדיעס אונטער דעם נאָמען „גוסטן"; דאָס איז דער איינפיר צו זינ־גען די פאַרשידענע שבת'דיקע תפלות און מזמורים. ווייל פונעם אינהאַלט פון די שבתדיקע מזמורים און תפלות און פון דער שבת'דיקער אַטמאָס־פער, איז אַרויסגעקומען דער אייגענער ספּעציפישער נוסח פון די מע־לאָדיעס מיטן אייגנאַרטיקן שבת'דיקן ריטם, פּונקט ווי די שבתדיקע מאכלים גיבן אַרויס פון זיך דעם ריח פון קדושת שבת.

די „גוסטן" דינען אַלס מוסטער, ווי צו זינגען און צו זאָגן אַנדערע תפלות (ניט פון שבת), וואָס האָבן בערך דעם זעלבן אינהאַלט אין די טעג פון שלש־רגלים, ימים־נוראים, סליחות, א. א. וו.

## די נעמען פון די גוסטען

די גוסטן פון פרייטיק־צו־נאַכטס זיינען פאָלגנדע: א"ד מלך־גוסט, מגן־אבות־גוסט, און ויכולו־גוסט. דאָס זיינען באמת וואונדערבאַרע־שיינע נגונים, וועלכע פילן אָן מיט קדושת־שבת די שולן, בתי־מדרשים און די מאָדערנע טעמפּלען.

הערנדיק פרייטיק צו נאַכטס זינגען די דערמאָנטע גוסטן, פילט מען, ווי כביכול אַליין וואָלט אַראָפּגענידערט פון די הויכע הימלען צו הערן די נגינות פון די תפלות, וועלכע פילן אָן די שולן מיט קדושת שבת.

אַ דאַנק דער פּרעכטיקער נגינה פילן זיך די מתפללים, וועלכע גע־פינען זיך אין די שולן און טעמפּלען, ווי איינגעקיוולט אין אַ וואָלקן פון קדושה, און די לופט, וואָס זיי אָטעמען איין אין זיך, איז די ריינע לופט פון קדושת שבת. די מעלאָדיעס זיינען אין גאַנצן ווי דורכגעווייקט מיט קדושת שבת צו באַשיינען דעם יידן זיין שבת־קודש. דאָס איז אַ נגינה גענומען פון היכל הנגינה ספּעציעל פאַר יידן, מיט אַן אייגנאַרטיקן טאָן־

אַרט, מיט אַן אייגנאַרטיקן ריטם, וואָס הייליקט דעם יידן און דערהויבט אים אַלע פּרייטיק־צו־נאַכטס צו דער העכסטער מדרגה פון מנוחה און קדושה.

די נגינה באַקליידט דעם יידן אין בגדי שבת, שאַפט פאַר אים אַן אַטמאָספער פון קדושה און הייסט אים גיין אַנטקעגן דער שבת מלכה: לכה דודי לקראת כלה פני שבת נקבלה, — גיי אַרויס, מיין פריינד, אַנט־קעגן דער כלה, זיי מקבל פנים דעם שבת. און דער ייד ענטפערט מיט גרויס התלהבות: בואי בשלום עטרת בעלה, קום מיט פרידן, דו, קרוין פון איר מאַן, בואי כלה, בואי כלה, — קום כלה, קום כלה־שבת די קעניגן.

און גאָט האָט געהייליקט דעם שבת, געבענטשט דעם זיבעטן טאָג און געמאַכט רוען אין הייליקייט דאָס פאָלק ישראל.

די גוסטן פון שבת פרי זיינען: ישתבח־גוסט, אהבה רבה־גוסט, יקום־פורקן־גוסט, און מי שברך־גוסט.

יעדער איינער פון די תפלות גיט אַרויס פון זיך איר געהעריקע מע־לאָדיעס, איר געהעריקן גוסט.

י ש ת ב ח, — אַ וואונדערבאַרער הימן צו דער געטלעכקייט, איז פול מיט התלהבות, מיט הייליקער פרייד מכוח גאָטס גרויסקייט. האל המלך הגדול והקדוש בשמים ובארץ, דער גאָט, דער גרויסער און הייליקער קעניג אויפן הימל און אויף דער ערד. צו דיר, גאָט, אונדזער גאָט און דער גאָט פון אונדזערע עלטערן, איז שיין צו זינגען און לויבן מיט געזאַנג. ווייל אין דיר איז גרויסקייט, שטאַרקייט הייליקייט און קעניג־לעכקייט.

זאָגנדיק דעם הימן „ישתבח", ווערט מען עמאָציאָנירט פון דער געטלעכער גרויסקייט, שטאַרקייט און הייליקייט. דאָס האַרץ ווערט בריי־

**די גאַמע פון ישתבח גוסט.**



טער און קלאַפּט שטאַרקער; אַלע חושים ווערן קאָנצענטרירט און צו־נויפגענומען אויסצולויבן און צו באַזינגען וואָס בעסער די געטלעכקייט: כי לך נאה א"ד אלהנו ואלהי אבותינו, שיר ושבחה, הלל וזמרה, עז וממשלה, נצח, גדולה וגבורה, תהלה ותפארת, קדושה ומלכות...

פון דעם אינהאַלט פון „שתבח" שטראַלט אַרויס די וואונדערבאַרע מעלאָדיע, וואָס מען רופט ישתבח־גוסט.

די מעלאָדיע, דער גוסט, דערגענצט דאָס, וואָס מיט ווערטער קאָן

מען עס ניט אויסדריקן. און עס זיינען ניטאָ אַנדערע ווערטער אַזעלכע, וואָס זאָלן אַזוי גוט אויסדריקן די גרויסקייט פון גאָט.

ווען מען זאָגט „ישתבח”, גיט פּלוצים אַ שיין־אויף פאַרן מתפּלל די גרויסקייט, הערלעכקייט און שטאַרקייט פון גאָט, וואָס פאַרכאַפּט אַלע חושים; די שפּראַך איז אומעבטיק עס אויסצודריקן, צעזינגט מען זיך מיט ברען און מיט התלהבות אין דעם „ישתבח־גוסט”.

אהבה־רבה־גוסט, רופט זיך אויך „פריגיש”, ווייל די מעלאָדיע פון אהבה רבה איז געבויט אויף דער גריכישער גאַמאַ „פריגי”. אַלטע חזנים פלעגן אויסטייטשן „פריגיש” — פריי יידיש, ווייל די מעלאָדיע, דער גוסט, רעדט דירעקט צום געמיט און רופט אַרויס טרערן.

די ווערטער פון דער תפלה „אהבה רבה” זיינען אַזוי האַרציק, אַזוי רירנדיק, אַז עס נעמט אַרום אַ גרויסער רחמנות צו זיך אַליין.

אבינו אב הרחמן, אונדזער פאָטער, דערבאַרעמדיקער פאָטער, רחם

**די גאַמע פון אהבה רבה גוסט.**



עלינו, דערבאַרעם זיך אויף אונדז... און ורחמיך א”ד אלהינו, דיין רחמנות, גאָט אונדזערער, און דיין השגחה פול מיט לייטזעליקייט, זאָל אונדז קיינמאָל ניט פאַרלאָזן. מיר זיינען אין גלות, דערנידעריקט, צעטראָטן, און באַשפּיגן פון אַלעמען. מיר זיינען געוואָרן צו שאַנד און צו שפּאָט... דיין גרויס גענאַד איז אונדז אַזוי נייטיק, אַזוי נייטיק! בעטן מיר דיך, אל יעזבונו, זאָלסט אונדז קיינמאָל ניט פאַרלאָזן. מהר והבא עלינו ברכה ושלום מהרה, אייל־צו און ברענג אונדז שלום און ברכה, און זאָלסט אונדז צונויפברענגען פון די פיר ערד־טיילן אין אונדזער לאַנד, ושבור עול הגוים מעל צווארנו, צעברעך דעם יאָך פון די פעלקער אויף אונדזערע העלדזער און ברענג אונדז אויף שטענדיק אין אונדזער לאַנד...

די ווערטער פון „אהבה רבה” זיינען אַן אויסגוס פון צער און ווייטיק; אָט־אָט און מען פאַרגייט זיך אין אַ ביטערן געוויין.

זאָגנדיק די תפלה, פילט מען אויף זיך די גאַנצע לאַסט פון גלות; מען פילט זיך אַזוי שטאַרק אַנגעזועטיקט מיט צער און צאָרן פון גלות, אַזוי דערשעפּט און אומבאַהאָלפן, אַז מען איילט אונטער גאָט, ער זאָל ברענגען אויף שנעל שלום און ברכה, כדי עס זאָל, חלילה, ניט ווערן צו שפּעט... און דאָס, וואָס די ווערטער דערזאָגן ניט, דערגענצט עס די מעלאָדיע, דער ספּעציפישער אהבה־רבה־גוסט.

די מעלאָדיע האָט אין זיך דאָס געבעט פון אַ שוואַך, קראַנק קינד, וואָס טוליעט זיך צו דער מוטער און זוכט ביי איר שוץ און הילף. דאָס איז אַ האַרציק געבעט צוזאַמענגעשטעלט פון קלאַנגען, וואָס שפּאַלטן די הימלען, כדי צו דערגרייכן צום כסא־הכבוד.

דער „מ י ש ב ר ך "־גוסט איז רייך אין סטיל, עלעגאַנט און האַרציק. ער דריקט אויס אין טענער דעם אינהאַלט פון דער תפלה. און דער אינהאַלט איז: מי שברך. דער, וואָס האָט געבענטשט אונדזערע עלטערן, אברהם, יצחק און יעקב, ער זאָל בענטשן דעם דאָזיקן הייליקן קהל, צוזאַמען מיט אַלע הייליקע קהלות, זיי און זייערע פרויען און זייערע קינדער און אַלץ, וואָס געהערט צו זיי...

**די גאַמע פון מי שברך גוסט.**



די מעלאָדיע מיט איר מילדן ריטם נעמט אַרום אַלע מתפללים פון דער הייליקער קהלה מיט אַ מוטערלעכער צערטלעכקייט און האַרציקייט; שאַפט אַ געמיטלעכע פאַמיליע־סביבה אַרום די אַלע יידישע קהלות בכל תפוצות, אין וועלכער זי נעמט אויך אַריין די אַלע יחידים, וואָס קומען אין די שולן צו דאַוונען. די, וואָס גיבן ליכט צו באַלייכטן און וויין צו קידוש און הבדלה; די, וואָס גיבן ברויט צו אורחים און צדקה צו אָרעמע... און ווער נאָר עס גיט זיך אָפּ מיט קהלשע אָנגעלעגנהייטן, זיי אַלע וועט גאָט באַצאָלן מיט אַלעם גוטן.

י ק ו ם פ ו ר ק ן איז אַ פּראָזאַישע תפלה, געשאַפן אין בבל מיט אַ 1500 יאָר צוריק; אין איר ווערט געבעטן אויף טאָג־טעגלעכע באַדערפענישן, אַזעלכע ווי: לאַנג לעבן — חיי אריכי, שפייז צו זעט ומזוני רויחי; גוטע קינדער, וואָס זאָלן לערנען תורה, די לא יבטל מפתגמי אוריתא; פאַרן גאַנצן הייליקן קהל, לכל קהלא קדישא הדין. זייערע גרויסע און קליינע, פּיצעלעך קינדער און פרויען, גאָט זאָל זיי בענטשן... א. א.וו.

די מעלאָדיע איז האָפערדיק, פול מיט אָפּטימיזם; זי איז רייך אין

**די גאַמע פון יקום פורקן גוסט.**



קלאַנגען, האָט אַ באַוועגלעכן ריטם, פון וועלכן עס שטראַלט אַרויס יידי־שע שטאַרקע אמונה און בטחון אין גאָט.

די אויבן־אויסגערעכנטע גוסטן פון פרייטיק צו נאַכטס און שבת פרי זיינען אין משך פון דורות פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פאָרמען און סטילן ווי צו זאָגן און זינגען די אַלע ניי־געשאַפענע תפלות און סליחות, וואָס זייער אינהאַלט גלייכט זיך מער וויניקער מיט די דערמאָנטע תפלות, וואָס טראָגן די נעמען פון די גוסטן.

דער אַלגעמיינער נוסח התפלה פון וואָך, שלש־רגלים און ימים־נוראים זיינען פאַרוואָרצלט אין דער קלאַסישער יידישער נגינה, וואָס מען האָט אַמאָל געזונגען אין ארץ־ישראל. דאָך זיינען פאַר דער לאַנגער צייט פון גלות צוגעקומען נייע מוזיקאַלישע עלעמענטן, וועלכע אַנטהאַלטן אין זיך מער הארציקייט, מער לירישקייט און זיי ווערן גאַנץ אָפט באַ־גלייט מיט טיפע קרעכצן און ביטערן געוויין.

## פרעמדע נגינות צוגעפּאַסט צו יידישע תפלות.

פאַר דער לאַנגער צייט פון גלות האָבן חזנים צוגעגעבן צו די דער־מאָנטע נוסחאות התפלה אייגענע אָדער פרעמדע תנועות און קאַדענצן, כדי בעסער אויסצונעמען ביים עולם דאַוונער. זיי האָבן גאַנץ אָפט אַרי־בערגעטראָגן גאַנצע קאָמפּאָזיציעס פון פרעמדן שורש אויף יידישע תפלות, וועלכע האָבן פאַרשלונגען די ריינע קלאַסישע נוסחאות התפלה, אַ זאַך, וואָס האָט אַרויסגערופן בשעתו שטאַרקע פּראָטעסטן פון די יידישע גייס־טיקע פירער און גרויס פאַרביטערונג ביי דעם עולם דאַוונער. דאָס האָט געצוואונגען די חזנים אָנצוהאַלטן די ריינע טראַדיציאָנעל־יידישע נוסח־אות התפלה.

### הלל, — קאַפּיטל קי״ז — הללו את א״ד כל גוים




געזונגען פון די ספרדים אין דעם 10־טן יאָרהונדערט נ. אַ. נ. צ., עס איז כדאי צו באַמערקן אַז דער נגון גלייכט זיך אין גרעסטן טייל מיטן נגון פון התקוה.

דאָך זיינען אין משך פון דער צייט, איבערהויפּט אין לעצטן יאָר־הונדערט, אַריינגענומען געוואָרן אַ סך נייע קאָמפּאָזיציעס פאַר חזנים

און כאָרן, וואָס ווערן געזונגען אין די שולן און טאָלערירט פון די גייסטי־קע מנהיגים און פון עולם דאַוונער. אָבער דער אַלגעמיינער קלאַסישער נוסח התפלה איז געבליבן הייליק ביי יידן און ווערט אָפּגעהיט פון די חזנים ווי פון עולם דאַוונער.

טאָמער האָט זיך אַ חזן שטאַרק פאַרגעסן, צופיל פאַרפלויגן אין די עולמות פון פאַנטאַזיע ביים זאָגן אַ תפלה און איז אַזוי אַרום אַראָפּ פונעם קלאַסישן נוסח, האָט ער זיך אָבער לסוף אַנגעשטרענגט צו ענדיקן די תפלה מיטן אַלטן נוסח.

## ה ל ל. — קאַפּיטל קי"ז

געזונגען פון די אשכנזים, ס מערקט זיך ביים ענדע דעם פינאַל וואָס די לוים זאָלן האָבן געזונגען אין בית המקדש, כדי דער כאָר זאָל אָנפאַנגען זינגען הודו לד' כי טוב און קהל זאָל ענטפערן (אַנטיפאַניש) כי לעולם חסדו.




דאָס יידישע פאָלק ווייסט און קאָן זיינע נוסחאות התפלה און היט זיי אָפּ באַגלייך מיט אַלע זיינע גייסטיקע אוצרות. און פונקט ווי אַמאָל, אין ארץ־ישראל, האָט מען דערקענט לויטן ניגון פון שיר של יום, וואָס מען האָט געזונגען אין בית־המקדש, וואָס פאַר אַ טאָג עס איז, אַזוי דער־קענט מען היינט צו טאָג נאָך די נוסחאות התפלה וואָס פאַר אַ יום־טוב עס איז.

קאפיטל פינף

# סליחות

**סליחות. די אַנטשטייאונג פון סליחות. ווען מען זאָגט סליחות. די ערשטע מחברים פון סליחות. דער אינהאַלט פון סליחות. סליחות אין די צייטן פון די קרייצצוגן. דער פרומער קריסט פון אמיען. די שרעקלעכע טראַגעדיע פון רב שמואל ברב יחיאל פון יאָר 1096. די פאַרשידענע מחברים פון די סליחות. דער מוזיקאַלישער נוסח פון סליחות.**

---

סליחות איז אַ זאַמלונג פון געקליבענע פיוטים (רעליגיעזע פּאָע־זיע) און תפלות, צו בעטן ביי גאָט ער זאָל מוחל זיין די זינד, וואָס מען האָט קעגן אים געזינדיקט.

מען רופט די דערמאָנטע זאַמלונג סליחות, ווייל אַלע פיוטים און תפלות זיינען געבויט אויף דעם אינהאַלט פון בעטן ביי גאָט פאַרגעבונג, סליחה.

דאָס בעטן ביי גאָט סליחה אויף די באַגאַנגענע זינד שטאַמט פון די גאָר אַלטע צייטן, פון יענע פרימיטיווע צייטן, ווען דער מענטש האָט געפונען זיין גאָט און ווען ער האָט זיך געווענדט צו אים אין אַן עת־צרה נאָך הילף, האָט ער פריער געבעטן סליחה, פאַרגעבונג, פאַר די באַגאַנ־גענע זינד.

אין גאָר אַלטע צייטן, ווען מ׳האָט זיך געווענדט צו גאָט נאָך סליחה, ער זאָל פאַרגעבן די באַגאַנגענע זינד, האָט מען פריער געבראַכט צו גאָט אַ מתנה — אַ קרבן, כדי אים איבערצובעטן. די מתנה איז באַשטאַנען פון אַ יונג שעפעלע, וואָס מען האָט געקוילעט און פאַרברענט פאַר גאָט.

ביי אייניקע ווילדע פעלקער איז די מתנה באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט מקריב געווען אַ דערוואַקסענעם מענטשן אָדער אַ קליין קינד

(קרבנות אדם) און בעת מען האָט אויפגעבראַכט דעם קרבן, האָט מען געשריען און געבעטן ביי זייער גאָט סליחה, פאַרגעבונג.

## סליחות ביי יידן.

די ערשטע סליחות ביי יידן געפינען זיך אין דער תפלה פון משה רבנו. ווען ער האָט מתפלל געווען צו גאָט, ער זאָל מכפר זיין די יידן פאַר דעם, וואָס זיי האָבן געמאַכט דעם עגל און געדינט צו אים ווי צו אַ גאָט, האָט ער געבעטן: סלח נא לעון העם הזה, — כ׳בעט דיך, פאַרגיב די זינד פון דעם דאָזיקן פאָלק (שמות ל״ב, י״א).

דוד המלך האָט געבעטן סליחה: וסלחת לעוני כי רב הוא (תהלים, כ״ה, י״א).

שלמה המלך האָט ביי חנוכת בית המקדש געבעטן סליחה: וסלחת לחטאת עבדיך ועמך ישראל (מלכים א׳, ח׳).

סליחות זיינען דאָ ביי עמוס הנביא, מיכה, דניאל, חבקוק, עזרא, נחמיה א. א. וו.

די אנשי כנסת הגדולה האָבן מתקן געווען ברכת סליחות אין שמונה עשרה: סלח לנו אבינו, כי חטאנו.

פון דער תקופה פון די תנאים און אמוראים זיינען אַריין אין דער זאמלונג פון סליחות די תפלה פון רבי יוחנן בן זכאי: רבון כל העולמים לא על צדקתינו אנחנו מפילים תחנונינו לפניך; די תפלה פון תענית־צבור: עננו א״ד עננו; די תפלה נחם א״ד אלהינו את אבלי ציון, אלהי עד שלא נצרתי, ויאתיו כל לעבדך, און אַנדערע.

די מערסטע סליחות זיינען געשאַפן געוואָרן אין גלות, איבערהויפּט אין די צייטן פון די קרייצצוגן, פון 11טן יאָרהונדערט אָן און ווייטער.

די דערמאָנטע סליחות זאָגן די יידן אַלע יאָר פון דעם לעצטן שבת־צו־נאַכט פון פאַר ראש־השנה ביז ערב יום־כפּור; אַנדערע סליחות זאָגט מען אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק ביים וואָכעדיקן דאַווענען; אויך זאָגט מען סליחות צו מעריב, שחרית, מוסף, מנחה און נעילה פון יום הכפּורים, הושענה רבה, יום כפּור קטן און תענית צבור.

דאָס זאָגן סליחות נעמט זיך, לויט דעם בעל תנא דבי אליהו זוטא, פון דוד המלך. ווייל דוד המלך האָט זיך שטאַרק מצער געווען וועגן די יידן. אויב זיי וועלן זינדיקן, האָט ער געדאַנגט, מיט וואָס וועלן זיי דער־גרייכן פאַרגעבונג פאַר זייערע זינד? האָט אים גאָט באַרואיקט: ווען צרות וועלן קומען אויף די יידן איבער זייערע זינד, זאָלן זיי זיך שטעלן פאַראייניקט פאַר מיר, זאָלן זיך מתודה זיין אויף זייערע באַגאַנגענע זינד און זאָגן פאַר מיר דעם סדר סליחה, וועל איך זיי פאַרגעבן, מוחל זיין.

גאָר אַ גרויסער טייל פון די פּיוטים, וואָס שטעלן צוזאַמען די סליחות, זיינען די בעסטע און שענסטע פּערל פון אונדזער רעליגיעזער פּאָעזיע; אין

יעדן פון די פיוטים איז פאראן הארץ און נשמה, געפיל און הויכע פילאַ־זאָפישע געדאנקען, שיינקייט אין פאָרם און שפּראַך, שטארקע אמונה און אומבויגזאמער בטחון, אַלץ פאַקטאָרן, וואָס האָבן אַן אייביקן ווערט. און אַזוי ווי עכטע פּערל פארלירן קיין מאָל נישט זייער קאָליר און ריכטיקן ווערט, אַזוי איז אויך אייביק אין איר ווערט די דערמאָנטע געקליבענע רעליגיעזע פּאָעזיע פון די סליחות. זיי האַלטן אָן די שיינקייט פון דער פאָרם, די רייכקייט פון אינהאַלט, די טיפקייט פון די געדאנקען און די זויבערקייט פון דער שפּראַך.

## דער אינהאַלט פון די סליחות.

דער אינהאַלט פון די סליחות איז פאָלגנדער: ודוי, זיך מתודה זיין פאַר גאָט אויף די באַגאַנגענע זינד; דאָס הייסט זיך דערקלערן אומקאָנדי־ציאָנעל פאַר שולדיק; זיך קלאַפּן אין הארצן: אשמנו — געשולדיקט, בגדנו — געפעלשט, גזלנו — גערויבט, דברנו דופי — גערעדט שלעכטס... א. א. וו. און בעטן סליחה ביי גאָט, פארגעבונג פאַר די באַגאַנגענע זינד.

ודוי — זיך מתודה זיין פאַר גאָט, שטאַמט פון די גאָר אַלטע צייטן, ווען דער מענטש האָט פאַר זיך אויסגעפונען זיין גאָט און זיך געווענדט צו אים מיט אַ תפלה אָדער בקשה. און איידער ער האָט דאָס געטאָן, האָט ער זיך פריער פאַר אים דערקלערט פאַר אַ פארשולדיקטן און נאָכהער גע־זאָגט זיינע תפילות און געבעטן פאַרגעבונג.

די ערשטע פאָרם פון ודוי ביי יידן געפינען מיר ביי שמואל הנביא (שמואל א׳, י׳): ויאמרו שם: חטאנו לד׳, — זיי האָבן זיך דאָרט מתודה געווען פאַר גאָט, זיך דערקלערט פארשולדיקט פאַר אים און גאָט האָט זיי געהאָלפן.

דוד המלך, ווען ער האָט דערזען דעם מלאך המשחית אין דער צייט פון דער מגפה (שמואל ב, כ״ד), זאָגט: הנה אנכי חטאתי, ואנכי העויתי, איך האָב געזינדיקט, איך האָב שלעכטס געטאָן. איך בין דעריבער דער פאַר־אורזאַכער פון דער מגפה; שטראָף מיך און מיין הויזגעזינד. ואלה הצאן, מה עשו? אָט־די שאָף, וואָס האָבן זיי געטאָן? פאַר וואָס קומט זיי, די יידן, צו ליידן? נאָכן אָפּזאָגן אָט־די ודוי איז די מגפה פארהאַלטן געוואָרן.

די פאָרם פון ווענדן זיך צו גאָט מיט ודוי האַלט אָן אין אַלע צייטן ביז היינט צו טאָג. ווייל די אַלע מענטשלעכע יסורים, פיזישע ווי גייסטיקע, זיינען פון די מענטשן פון אַלע צייטן באַטראַכט געוואָרן ווי אַ שטראָף פון גאָט פאַר ניט אויספאָלגן זיינע געבאָטן. האָבן זיי זיך געווענדט צו גאָט אין אַן אומגליקס־פאַל מיט סליחה, געבעטן פארגעבונג פאַר די באַגאַנגענע זינד און דאַן זיינען געקומען די תפלות, תחינות און בקשות.

דערפאַר זיינען די סליחות פריש אין אינאַלט און צוגעפּאַסט צו אַלע צייטן און אומשטענדן, אָנפאַנגענדיק פון די צייטן פון שמואל הנביא,

דורכגייענדיק די תקופות פון דוד המלך, נביאים, תנאים, אמוראים, גאונים ביז היינט צו טאָג. דער מענטש איז אַלע מאָל דער זעלבער מיט זיינע שוואַכקייטן, קליינלעכקייטן און אומבאַהאָלפנקייטן.

סליחות, תפלות, ודוי און תחינות האָבן זיך ביי די יידן אָנגעזאַמלט פאַר דער צייט פון זייער עקזיסטענץ פיל מער ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער. ווייל די יידן האָבן אין משך פון דער צייט געליטן פיל מער צרות, רדיפות און יסורים פון אַנדערע פעלקער, און, היות זיי האָבן באַטראַכט די צרות אַלס שטראָף פון זיין ליבן נאָמען, דערפאַר וואָס זיי זיינען ניט געגנוג פרום, האָט מען צו יעדער צרה, וואָס איז געקומען אויף זיי, צו יעדער גזרה־רעה זיי צו טאָן שלעכטס, געשאַפן אַ סליחה, אַ ודוי און אַ תחינה, צו בעטן ביי גאָט סליחה — אַ פאַרגעבונג אויף די באַגאַנגענע זינד, צוליב וועלכע עס זיינען געקומען די גזרות רעות וקשות. און דאָן תפלה און תחינה — גאָט זאָל זיך מרחם זיין אויף זיי און זיי אויסלייזן פון די צרות און גזרות רעות. און אַזוי ווי צרות און גזרות רעות האָבן די יידן געהאַט זייער אַ סך פאַרן משך פון זייער עקזיסטענץ האָבן זיך אָנגעזאַמלט זייער אַ סך סליחות, ודוי'ם און תחינות.

גאָר אַ סך פּאָעטישע פּערל, געלייטערטע אין יסורים און פיין, גע־טובלטע און דורכגעווייקטע אין ימים יידיש בלוט און טרערן, באַשיינען די סליחות פון אַלע צייטן. אונדזערע שונאים האָבן שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז די סליחות זאָל ניט פאַרגעסן ווערן ביי די יידן...

ווען עס האָבן געטראָפן נאַטירלעכע אומגליקן, ווי דאָס פעלן פון רעגן אָדער גרויסע פאַרפלייצונגען, א. א. וו. ווען עס האָט אויסגעבראָכן אַ שטאַר־קע מגפה רעה ר"ל, אין פאַלן פון מלחמה אָדער ווען רעגירונגען האָבן אַרויסגעגעבן קעגן יידן גזרות רעות וקשות, וואָס דאָס איז געווען אַזאַ אָפּטע דערשיינונג אין גלות, האָבן די יידישע גייסטיקע מנהיגים פון אַלע צייטן גוזר תענית געווען, געהייסן זאָגן סליחות און לייענען אין דער תורה ויחל, ווייל עס איז דאָ אַ קבלה, אַז נאָך ודוי, נאָך דעם ווי מען איז זיך מתודה פאַר גאָט אויף די באַגאַנגענע זינד, קומט די געבעטענע ישועה און נחמה, די הילף און די טרייסט.

## סליחות אין די צייטן פון די קרייצצוגן; דער פרומער קריסט פּעטער פון אַמיען.

ביים סוף פון 11טן יאָרהונדערט פון דער נייער צייט־רכענונג האָט אייראָפּע איבערגעלעבט איינע פון די גרעסטע דראַמעס אין דער מלחמה פון די צוויי אמונות, די קריסטלעכע און די מאַכמעדאַנישע.

דער קריג האָט זיך אָנגעהויבן דערפאַר, ווייל די טערקן, וואָס האָבן דאַן געהערשט אין פּאַלעסטינע, האָבן ניט צוגעלאָזט די גלויביקע קריסטן צו קומען מתפלל זיין אויפן קבר פון זייער אויסלייזער — ישו הנוצרי.

און די יעניקע קריסטן, וועלכע עס איז מיט גרויסע שוועריקייטן יאָ געלונגען צוצוקומען צום הייליקן קבר, כדי דאָרט מתפלל צו זיין, האָבן די מאַכטהאָבער זיי באַליידיקט און אָנגעטאָן גרויסע צרות. מען האָט ביי זיי גענומען געלט וויפל עס האָט זיך געלאָזט און דערצו אָפּגעלאַכט פון דער קריסטלעכער רעליגיע און פון דעם הייליקן קבר.

אַ געוויסער פרומער קריסט מיטן נאָמען פּעטער פון אַמיען, וועלכער האָט געזען די אומפאַראַנטוואָרטלעכע האַנדלונג פון די טערקן לגבי די קריסטן, ווי אויך די באַליידיקונג און שענדונג פון די קריסטלעכע הייליקטימער, האָט געמאַכט אַ גרויסן אַלאַרם צווישן די קריסטן אין אייראָפּע און האָט פּראָטעסטירט פאַרוואָס זיי דערלאָזן עס צו אַזאַ חילול (פאַרשוועכונג) פון דער קריסטלעכער אמונה און קריסטלעכע הייליקטימער מצד די אומגלויביקע טערקן.

זיין אַלאַרם און זיין פּראָטעסט האָבן געווירקט: עס זיינען זיך, אין נאָוועמבער 1095, צונויפגעקומען גאָר אַ סך הויכע קריסטלעכע גייסטלעכע אין דער פראַנצויזישער שטאָט קלערימענט און זיי האָבן דאָרט אָפּגעהאַלטן אַן אסיפה וועגן דעם, וואָס צו טאָן און ווי אַזוי צו פאַרזיכערן, אַז מען זאָל ניט מחלל זיין זייער אמונה אין זייערע הייליקע פּלעצער אין פּאַלעסטינע.

די באַשטימונג איז געווען: יעדער קריסט, וואָס האָט גאָט אין האַרצן, זאָל זיך גלייך אַוועקלאָזן קיין פּאַלעסטינע און דאָרט קעמפן פאַרן כבוד פון זייער אמונה.

אין אַ קורצער צייט נאָך דער באַשטימונג, האָט זיך דאָרט פאַרזאַמלט אַן אומגעהויערע מחנה קריסטן מיט רויטע צלמים אויף זייערע קליידער. צווישן זיי זיינען געווען אַ סך פאַנאַטיקער, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אויסברענען צלמים אויף זייערע הוילע לייבער און מיט אויסרוף: „גאָט וויל עס! גאָט וויל עס!" האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט קיין פּאַלעסטינע, צו פאַרטיידיקן דעם כבוד פון זייער אמונה און צו באַפרייען דאָס לאַנד פון די הענט פון די פיינט פון גלויבן, — פון די טערקן.

אונטערוועגנס האָט זיך די גרויסע מחנה קריסטן פאַרנומען מיט מאָרדן יידן, צורויבן זייער האָב און גוטס און חרוב צו מאַכן די יידישע קהלות.

אָט די מאַסע קריסטן, וועלכע מען האָט גערופן קרייצצוגן (נושע הצלב), ווייל זיי האָבן אויף זיך געטראָגן אַלס צייכן דעם קרייץ, האָבן פאַראורזאַכט דראַמעס און טראַגעדיעס צווישן די יידן אין 11טן, 12־טן און 13טן יאָרהונדערט. אַ גרויסע טייל פון די דראַמעס און טראַגעדיעס זיינען געשילדערט מיט זייער גאַנצער שוידערלעכקייט אין די סליחות.

עס הויבט אָן צו שוידערן און עס באַפאַלט אַ פּחד, ווען מען טראַכט זיך אַריין אין דעם אינהאַלט פון די סליחות, וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן אין יענער תקופה.

צו אָט דער תקופה קאָן מען טאַקע צופּאַסן, און עס פּאַסט זיך טאַקע צו, חיים נחמן ביאַליקס אַריינפּיר צו זיין פּאָעמע „די שחיטה־שטאָט", וואו ער זאָגט: „פון שטאָל און אייזן, קאַלט, האַרט און שטום, שמיד אויס אַ האַרץ פאַר זיך, דו מענטש, און קום"... מען מוז באַזיצן אַ האַרץ פון שטאָל, ס'זאָל זיין האַרט און שטום, ס'זאָל ניט פּלאַצן, ווען מען באַקאַנט זיך מיט דער אומגליקלעכער תקופה פון די יידן אין אייראָפּע אין די צייטן פון די קרייצצוגן, וואָס ווערט אַזוי קלאָר געשילדערט אין די סליחות.

אין דער סליחה „אין נפתח פה" (ווי זאָלן מיר עפענען דאָס מויל), וואָס איז געשאַפן געוואָרן ביים ענדע פון 11טן יאָרהונדערט, ווערן גע־שילדערט די גרויסע אומגליקן, וואָס די מחנה פון די קרייצצוגן האָבן געבראַכט אויף די יידן. יעדעס וואָרט אַנטהאַלט אין זיך אַ שילדערונג פון די טייכן יידיש בלוט און טרערן, וואָס וועט קיין מאָל ניט אויסטריי־קענען און ניט פאַרגעסן ווערן.

די פאָרעם פון דער סליחה איז, ווי אויבן אָנגעוויזן: ודוי, תחינה און ישועה ונחמה.

געלנו נתיבותיך הישרים והנכוחים, — מיר זיינען זיך מתודה פאַר דיר, מיר האָבן פאַרמיאוסט דיינע גוטע וועגן. הקשינו עורף והעזנו מצחים, כמה יסרתנו על ידי צורים שלוחים, לא הקשבנו למוכיחים, — מיר אָנערקענען, אַז מיר זיינען האַרטנעקיק, און וויפל דו האָסט אונדז געשטראָפט דורך שלוחים, האָבן מיר ניט געוואָלט הערן די שטראָפערס... דערפאַר איז אויף אונדז געקומען דאָס אומגליק אַלס שטראָף.

דאָן קומט תחינה, — געבעט: זע, גאָט: נהרגים ונשחטים, ונט־בחים, —מיר ווערן געהרגעט, געקוילעט און געשאָכטן, שוררנו מתי מעט בין קוצים כסוחים, — מיר זיינען געבליבן אַביסל צווישן פאַרפוילטע דער־נער... שוכן עד וקדש, צפה בעלבון אנוחים, — הייליקער, וואָס רוסט אייביק, זע די שאַנד פון די ליידנדע און העלף... אונדזער איינציקער טרייסט איז: כי על רחמיך הרבים אנו בטוחים, — מיר פאַרלאָזן זיך אויף דיין גרויס רחמים, דו וועסט אונדז ניט פאַרלאָזן אין אומגליק.

די סליחה שטעלט פאַר אונדז פאָר מיט די ווערטער: נהרגים, ונשחטים ונטבחים די גרויסע דראַמע, וואָס די יידן האָבן איבערגע־לעבט אין דער צייט פון די קרייצצוגן.

בלעטערנדיק די יידישע היסטאָריע פון יענער צייט, זעט מען דורך די דערמאָנטע ווערטער פון דער סליחה, ווי יידן לויפן פאַרצווייפלט צום שלאָס פון בישאָף אין וואָרמס, זיך צו ראַטעווען פון דער ווילדער מחנה קרייצציגלער און זייער טראַגישע אַנטוישונג אינעם בישאָף; מען זעט און מען פילט זייער הילפלאָזע לאַגע, זייער שטאַרבן על קדוש השם, קוילענדיק איינער דעם צווייטן.

מען זעט די פאַרצווייפלטע יידישע מאַמעס, וועלכע ברענגען אום

זייערע עופהלעך, כדי זיי זאָלן ניט אַריינפאַלן צו די ווילדע פאַנאַטיקער, וועלכע וועלן זיכער מאַכן זייערע קינדער פאַר קריסטן.

מען זעט דאָס קאָשמאַרע בילד, ווי גאַנצע יידישע קהלות ווערן חרוב דורך די ווילדע באַרבאַרן, ווי יידישע לעבנס זיינען הפקר; יידיש האָב און גוטס ווערט צערויבט און צעטראָטן פון דער ווילדער מאַסע; יידישע הייליקטימער ווערן ברוטאַל פאַרשוועכט און באַשפּיגן: שוררנו מתי מספר בין קוצים כסוחים, — מיר זיינען געבליבן אַ קליין ביסל מענטשן צווישן די פאַרפוילטע דערנער, מיר קוקן אויס די אויגן צו געפינען דער־לייכטערונג... כי על רחמיך הרבים אנו בטוחים, — מיר פאַרלאָזן זיך אויף דיין גרויס רחמים...

די סליחה „מלאכי רחמים", וואָס מען זאָגט דעם צווייטן טאָג סלי־חות, איז געשאַפן געוואָרן אין 12טן יאָרהונדערט, אין דער צייט פון דעם צווייטן קרייצצוג.

דער מחבר פון דער סליחה, וועלכער האָט צוגעזען די שרעקלעכע ווילדקייטן און אכזריותן פון דעם צעיושעטן קריסטלעכן המון איבער די שוצלאָזע יידן; האָט געהערט די וויי־געשרייען און די פאַרצווייפלטע האָפנונגסלאָזע געוואַלדן פון די געפּייניקטע יידן; האָט געזען די גרויסע צאָל יידן, וועלכע ווערן געפירט ווי שאָף צו דער שחיטה און ווי זיי שטאַרבן על קידוש השם; האָט געהערט די הימל־שפּאַלטנדיקע תפלות און בקשות צו גאָט, ער זאָל זיך דערבאַרעמען איבער זיי און שיקן זיי אַ הילף, צו ראַטעווען זיי פון אונטערגאַנג; האָט געזען, ווי די ווילדע פאַ־נאַטישע האָרדעס, די ווילדע רוצחים, פאַרניכטן אַזוי פיל יידישע לעבנס מיט חיהשער אכזריות; האָט געזען ווי מען צעראַבירט יידיש האָב און גוטס און מען פאַרשוועכט יידישע הייליקטימער; האָט געזען ווי בליענדע קהלות ווערן חרוב און קיינער שטערט ניט די רוצחים, קיינער באַשטראָפט זיי ניט און זיי ווערן פון קיינעם ניט אָפּגעהאַלטן, — ער האָט דאָס אַלץ צוגעזען און ער איז פון דעם אַלעם דערשיטערט געוואָרן; ער איז אַרומ־געכאַפּט און באַהערשט געוואָרן פון אַ שטאַרקן צווייפל: — אָט דאָס איז גאָטס מדה פון רחמים? עס גיסט זיך יידיש בלוט ווי וואַסער און גאָט זעט עס צו און שווייגט!... אַזוי באַשיצט גאָט זיין אויסדערוויילט פאָלק? אָט, אָט, און די באַרבאַרן וועלן איינגאַנצן פאַרלענדן די יידן!

און ער טראַכט, צו וועמען זיך צו ווענדן נאָך הילף. צו מענטשן? זיינען זיי אַלע פאַרדאָרבן; זיי קוקן צו גלייכגילטיק, ווי עס גיסט זיך יידיש בלוט ווי וואַסער און קיינעם קימערט עס ניט, קיינער פּראָטעסטירט ניט און קיינער שטעלט עס ניט אָפּ. ווענדן זיך ווייטער צו גאָט נאָך הילף, — שרייען דאָך די יידן צו אים, וויינען און בעטן ער זאָל זיי העלפן, און ער נעמט דאָך ניט אָן זייערע געבעטן... און די יידן זיינען דאָך אַזוי שוצ־לאָז...

אַ דערשלאָגענער, אַ צעבראָכענער, אַן אַנטוישטער, ווענדט זיך דער־

מחבר ניט צו גאָט דירעקט, נאָר צו די מלאכי רחמים, צו די מלאכים פון רחמנות, גאָטס באַדינער, צו די מלאכי רחמים משרתי עליון, אַז זיי זאָלן בעטן ביי גאָט מיט גוטע רייד פאַר זיין פאָלק ישראל: חלו נא פני אל במיטב הגיון, אולי ירחם! אפשר וועט ער פאָרט רחמנות האָבן אויף זיין אָרעם פאָלק; אולי ירחם! אפשר וועט ער זיך פאָרט דערבאַרעמען...

די שערקלעכע קאָשמאַרע בילדער, ווי מען פייניקט אכזריותדיק די יידן, ווי יונגע טייערע לעבנס ווערן פון די באַרבאַרן פאַרשניטן, לאָזן אים ניט צו־רו און ער ווענדט זיך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל צו די מלאכי רחמים און פאַרלאַנגט פון זיי: בעט איר, מלאכי רחמים, ביי גאָט פאַר זיין פאָלק, אפשר וועט ער אייך הערן, אפשר וועט ער פאַרנעמען אייער געבעט און וועט אויף אונדז רחמנות האָבן, ווייל אונדז הערט ער ניט; אונדזערע געשרייען און געבעטן פאַרנעמט ער ניט; אונדזערע צרות און פיין זעט ער ניט, — אפשר וועט ער דורך אייער בעטן אויף אונדז רחמנות האָבן. אולי ירחם! אפשר וועט ער זיך אויף אונדז דערבאַרעמען...

דער מחבר אָנערקענט ניט, אַז די יידישע לײַדן זײַנען אַ שטראָף פון גאָט דערפאַר, ווייל זיי זײַנען ניט געווען פרום. ווייל ווען עס וואָלט אַזוי געווען, וואָלטן דאָך די איבערמענטשלעכע יסורים, וואָס די יידן לײַדן שוין זייט טויזנטער יאָרן, געוווען געדאַרפט אָפּווישן די גרעסטע ניט־פרומקייט, די גרעסטע זינד. און ווען אפילו יידן האָבן געזינדיקט, איז וואו איז דער רחמים פון גאָט פון רחמנות...

און דער מחבר פון דער סליחה דעקט אויף פאַר די מלאכי רחמים אַ וואונד נאָך אַ וואונד פון די יידישע צרות. שפלים ונבזים, דערנידעריקט און פאַרשעמט, געפאַנגענע אין קייטן, געפּלאָגטע אין גלות. לקתה בכפלים, דאָפּלט געשלאָגן געוואָרן, אגודים בצרה לשפך תחינה, — אַלע זיינען פאַראייניקט אין דעם אומגליק, גאָט צו בעטן. דעריבער בעט ער די מלאכי רחמים: זעט איר, גוטע מלאכים פון רחמים, אפשר וועט איר פועלן ביי גאָט, ער זאָל זען בעני עמו, די צרות און פּיין פון זיין פאָלק, אפשר וועט ער פאָרט רחמנות האָבן אויף די שארית יוסף, אויף די איבערגעבליבענע פון יוסף, אולי, אולי, אפשר... אפשר...

עס אויך זייער לייכט פאַרצושטעלן די שרעקלעכע לאַגע פון די יידן פון יענער תקופה, אַז אפילו אַ רעליגיעזער פּאָעט, אַ שטאַרק גלויביקער, איז אַריינגעפאַלן אין אַזאַ פאַרצווייפלונג... *)

---

*) ביים מסדר זיין די סליחות איז געווען אַ גאַנצע דיסקוסיע, צי מען זאָל די סליחה „מלאכי רחמים יאָ אָדער נישט אַריינגעמען אין די סליחות. מען האָט מורא געהאַט, אַז עס קאָן ברענגען די יידן צו צווייפלען אין השגחת הבורא. ווען מען האָט זיך אָבער איבערגעצייגט אַז עס איז ניטאָ קיין סיבה פאַר אַזאַ מורא, האָט מען זי לסוף איינשטימיק אַריינגענומען.

די סליחה „אני קראתיך״, וואָס איז געשאַפן געוואָרן ביים סוף פון 12טן יאָרהונדערט, איז אַ רשימה מיט טענות צו גאָט, אַ רשימה פון מענטשן פאַרביטערטע און דערשלאָגענע...

מען פרעגט ביי גאָט: ולמה נמות בלחץ ובקושי? פאַרוואָס זאָלן מיר שטאַרבן אַזוי שרעקלעך דערנידעריקטע און דערשלאָגענע? כל היום הורגנו על שם קדשך, — אין יעדן טאָג פון גלות ווערן מיר אויסגעהר־געט צוליב דיין ליבן נאָמען, און פונדעסטוועגן הערן מיר ניט אויף דיך צו לויבן און הייליקן דיין נאָמען... און טענות נאָך טענות צו גאָט, איינע שטאַרקער און פאַרביטערטער פון דער צווייטער, טענות, וואָס ווערן פאַר־וואַנדלט כמעט אין אַן אָפּענעם פּראָטעסט. די ווערטער, וועלכע דריקן־אויס דעם שטאַרקן ווייטיק, שפּאַלטן די הימלען: כל היום הורגנו על שם קדשך, און דו, גאָט, קוקסט צו און ענטפערסט ניט אויף אונדזערע פאַר־צווייפלטע געשרייען און געבעטן...

אַזוי דערשיטערט, צעווייטיקט און אַנטוישט איז מען געווען פון די גרויסע אומגליקן און צרות, וואָס די נוסע־הצלב האָבן פאַרשאַפט די יידן, אַז מען האָט זיך דערלויבט מיט אַזוי פיל ביטערניש מאַכן אַ פאַרוואָרף צו גאָט.

די סליחה איה נפלאותיך (וואו זיינען דיינע וואונדער) איז כמעט ווי אַ דרייסטער אַרויסרוף צו גאָט. דער מחבר פון דער סליחה האָט, ווייזט אויס, איבערגעלעבט דעם ערשטן קרייצצוג, האָט צוגעזען די אומבאַשרייבלעכע צרות, וואָס די יידן האָבן זיך דאַן אָנגעליטן; האָט געזען די אכזריותדיקע פאַרפאָלגונגען פון די ווילדע פאַנאַטיקער; האָט געהערט דאָס יאָמערלעכע געוויין און הארצרייסנדע געשרייען פון די פאַרפאָלגטע יידן; האָט געהערט זייערע האַרציקע תפלות און בקשות צו גאָט, ער זאָל זיי העלפן און ראַטעווען פון די אומגליקן; האָט צוזאַמען מיט זיי אַרויסגעקוקט אַלע ווײַלע אויף אַ נס מן השמים; האָט געזען, ווי די באַרבאַרן האָבן חרוב געמאַכט בליענדע יידישע קהלות און אומ־געבראַכט אין די טויזנטער יידישע לעבנס דורך פייער און שווערד; האָט געזען ווי יידן שטאַרבן על קדוש השם מיט דער האָפנונג, אַז גאָט וועט ווייזן אַ נס און וועט ראַטעווען זיין פאָלק ישראל פון די רשעים... אָבער דער נס איז ניט געקומען און אַ שוידער האָט אַרומגעכאַפּט דעם מחבר, און אין אַ מאָמענט פון פאַרצווייפלונג האָט ער זיך געווענדט צו גאָט מיט דער סליחה: „איה נפלאותיך?״ — וואו זיינען דיינע וואונדער, פון וועלכע עס האָבן אונדז דערציילט אונדזערע עלטערן, וואָס דו האָסט אַרויסגע־צויגן פון מצרים? ווייל אין די אַלע אומגליקן, וואָס האָבן געטראָפן מיט די יידן אין יענע צייטן, האָסטו באַוויזן אַ נס, אַזאַ ווי ביי יציאת מצרים; איז פאַרוואָס נישט אויך איצט, ווען די קריטישע סיטואַציע איז ענלעך צו דער לאַגע פון יציאת מצרים...

דאָרטן, ביי יציאת מצרים, איז די לאַגע פון די יידן געווען זייער

קריטיש, ווייל זיי האָבן געהאַט פאַר זיך דעם ים, הינטער זיך דאָס גאַנצע מצרישע מיליטער וואָס האָט זיי נאָכגעיאָגט; פון איין זייט איז געווען דער וויסטער מדבר און פון דער צווייטער זייט — חיות רעות. די לאַגע איז געווען אַ האָפענונגסלאָזע און משה האָט געשריגן צו גאָט נאָך הילף און גאָט זאָגט צו אים: מה תזעק אלי? וואָס שרייסטו צו מיר? זאָג די יידן אַז זיי זאָלן גיין פאָראויס...

און דעמאָלט איז געשען דער נס, דער ים האָט זיך געשפּאָלטן, די יידן זיינען אַריבער דעם ים אין דער טריקעניש, אָבער די מצרים, וואָס האָבן זיי נאָכגעיאָגט, זיינען דערטרונקען געוואָרן. די הילף איז געווען גרויס...

בלעטערנדיק די יידישע היסטאָריע פון יענער צייט, אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אַן אויטענטיש בילד, וואָס דער מחבר פון דער סליחה האָט דעמאָלט געזען און איבערגעלעבט. דאָס האָט פּאַסירט אין חודש יוני פון יאָר 1096 אין קאָלען, פראַנקרייך.

די ווילדע צעיושעטע פאַנאַטישע באַרבאַרן האָבן געטריבן די יידן מיט זייערע פאַמיליעס פון די שטעט און שטעטלעך, וואו זיי האָבן געוואוינט, גלייך צום נאָענטן טייך און זיי געשטעלט פאַר צוויי ברירות: אָדער זיי נעמען אָן דעם קריסטלעכן גלויבן, וועט מען זיי לאָזן לעבן און טאָמער ניט, וועט מען זיי אַלע אַריינטרייבן אין טייך.

דער ראש־הקהל, רב שמואל ב״ר יחיאל, מיטן רב, שוחט, שמש און נאָך חשובע בעלי־בתים, האָבן געזוכט אויסצומיידן די גרויסע סכנה פון זייער עדה. האָבן זיי זיך געלאָזט אין אַ שיפל אויפן טייך, כדי דאָרט, אויף דער צווייטער זייט, זוכן הילף און שוץ פאַר זייער קהלה ביי אַ געוויסן בישאָף, וואָס האָט דאָרט געוואוינט... אָבער נאָך איידער זיי האָבן באוויזן צו דערגרייכן מיט דעם שיפל דעם צווייטן ברעג טייך, איז אָנגעקומען זיי אַנטקעגן אַ גרויסע מחנה יידן מיט זייערע פרויען און קינדער, אויך געטריבן צום טייך פון ווילדע פאַנאַטיקער, און אויך זיי זיינען געשטאַנען פאַר דער זעלבער ברירה: אָדער אָנצונעמען דעם קריסטלעכן גלויבן אָדער אַריינגעטריבן ווערן אין דעם טייך...

די געשרייען און דאָס געוויין פון די אומגליקלעכע, שוצלאָזע און פאַרצווייפלטע יידן איז געווען אומבאַשרייבלעך. ראַטעווען זיי פון דער סכנה האָט נאָר געקאָנט גאָט, דורך אַ נס; עס האָט געמוזט עפּעס געשען אויסערגעוויינלעכס, איבערנאַטירלעכס, פּונקט ווי ביי יציאת מצרים, אַז זיי זאָלן געראַטעוועט ווערן...

דאָס שיפל מיט די יידישע מנהיגים איז געבליבן שטיין אינמיטן טייך; ס׳איז שוין ניט מעגלעך געווען צו דערגרייכן דעם צווייטן ברעג. די אויגן פון אומגליקלעכע יידן פון ביידע ברעגן טייך זיינען געווענדט צו זיי, ווי צו זייער איינציקער האָפענונג. און ניט זעענדיק קיין אויסוועג פון דער פאַרצווייפלטער לאַגע צו קאָנען זיי ראַטעווען, און כדי דאָך עפּעס

צו טאָן אין דעם שרעקלעכן מאָמענט, זאָל זיין דאָס ערגסטע, און, אגב, ווייזן אַ ביישפּיל פון קדוש־השם האָט דער גרויסער למדן און ירא שמים, רב שמואל ברבּ יחיאל, אַרויסגעכאַפּט דעם חלף ביים שוחט, געגומען זיין בן־יחיד פאַרן האַלדז, געמאַכט הויך אַ ברכה על השחיטה, דער זון האָט געענטפערט אָמן און דער פאָטער האָט אים געקוילעט. דאַן האָט דער אומגליקלעכער פאָטער איבערגעגעבן דעם פאַרבלוטיקטן חלף צום שמש, וועלכער האָט געקוילעט רב שמואלן און אויף אַזאַ אופן זיינען אומגעקומען אַלע פון שיפל.

ווען די איבערגעשראָקענע יידן פוןביידע זייטן טייך האָבן דערזען, ווי זייערע מנהיגים האָבן מקדש השם געווען, האָבן אויך זיי אַלע באַשלאָסן מקדש השם צו זיין, זיך אַלע אַריינגעוואָרפן אין טייך שרייענדיק: שמע ישראל א״ד אלהינו א״ד אחד!

און דער מחבר פרעגט ביי גאָט: איה נפלאותיך הגדולות והנוראות אשר ספרו לנו אבותינו א״ד צבאות? — וואו זיינען דיינע וואונדער, וועגן וועלכע אונדזערע עלטערן האָבן אונדז דערציילט, דו גאָט פון צבאות? פאַרוואָס האָסטו ניט באַוויזן דיינע וואונדער, ווען די קהילות האָבן זיך געפונען אין אַזאַ שווידערלעכער לאַגע, און דו האָסט זיי געלאָזט אונטער־גיין?... עד אנה אקרא ממצר? — ביז וואַנען איז דער שיעור איך זאָל צו דיר רופן אין אַזאַ באַדריקנדיקן מצב? איך בעט דיך, ענטפער מיט הרחבה, ווייל דיר פעלן דאָך ניט קיין מיטלען. פּשעים אם עצמו, בינינו ובינך להבדילה, — אויב אונדזערע זינד האָבן זיך געמערט, אויב די יידן האָבן שטאַרק געזינדיקט, וועלן מיר עס אַנטשיידן צווישן אונדז און דיר. אָבער פאַרוואָס שטראָפסטו אונדז אַזוי שטאַרק דורך די ווילדע באַר־באַרן? פאַרוואָס? פאַרוואָס?

אין דערזעלבער פאָרם און אינהאַלט איז אויך די סליחה: „איה קנאתך וגבורותיך", פון דעם זעלבן מחבר.

איה קנאתך וגבורותיך? וואו איז דיין נקמה און דיין שטאַרקייט? וואו איז דיין קנאה צו נעמען נקמה פון די שלעכטע מענטשן און פעל־קער פאַר פאַרגיסן אומשולדיק יידיש בלוט, פאַר צעשטערן און חרוב מאַכן יידישע קהלות, פאַר שענדן און צעטרעטן יידישע הייליקטימער? און וואו איז דיין שטאַרקייט אונדז צו העלפן. גרוני נחר זועק חמס, — מיין האַלדז איז שוין הייזעריק פון שרייען צו דיר וועגן די אומרעכט, וואָס מען טוט צו דיין פאָלק ישראל....

אַ נייע פאָרם און אַ נייער אינהאַלט איז די סליחה „א י ן מ י י ק ר א ב צ ד ק". דער מחבר פון דער סליחה איז רבנו שלמה בר יצחק רש״י ז״ל און זי איז פאַרפאַסט געוואָרן אינעם 11טן יאָרהונדערט.

ניטאָ אין דער סליחה קיין ודוי, קיין דערקלערן זיך שולדיק אין די גרויסע אומגליקן דערפאַר, ווייל מען האָט ניט פּינקטלעך אָפּגעהיט גאָטס

געבאָט. ניין, די סיבה פון די גרויסע צרות איז דאָס, וואָס גבר תמים ונבר אפס, — עס זיינען נישטאָ מער די אָרנטלעכע מענטשן, די גרויסע פערזענלעכקייטן, וועלכע זאָלן זיך אָפּרופן מיט גערעכטיקייט; נישטאָ מער די פּערזאָנען מיט גרויסער השפּעה, וואָס זאָלן פּראָטעסטירן קעגן די באַרבאַרן, וואָס מאַכן אַן חורבן אין יידישן לעבן; ניטאָ די שטאַרקע פּערזאָן, וואָס זאָל זיי אָפּהאַלטן און באַשטראָפן.

רש״י, די ליכט פון די יידן פאַר דור דורות, האָט ניט אָנגענומען די שרעקלעכע צרות און גרויסע אומגליקן, וואָס האָבן אָנגעיאָגט אויף די יידן פון די קרייצצוגן, אַלס אַ שטראָף פון גאָט, ווייל די יידן זיינען ניט גענוג פרום. לויט זיין מיינונג איז דאָס אַלעס געקומען ווי אַ קאָנ־סעקווענץ פון דער שלעכטער מענטשהייט, וואָס האָט ניט אַרויסגעגעבן פון זיך קיין גרויסע אָרנטלעכע מענטשן, וועלכע זאָלן זיך קעגנשטעלן די באַרבאַרן און פאַרהיטן פון די גרויסע אומגליקן אויף די יידן. אין מי יקרא בצדק, — ניטאָ ווער עס זאָל זיך אָפּרופן מיט גערעכטיקייט...

לייענענדיק די היסטאָריע פון די צייטן פון די קרייצצוגן און פאַר־גלייכנדיק זי מיט די סליחות פון יענער צייט, זעט מען קלאָר, ווי דורך אַ פאַרגרעסער־גלאָז, דעם פּיין און די צרות, וואָס די יידן האָבן דאַן גע־ליטן. עס שטראָמט פון יעדן וואָרט פון די סליחות אַ קוואַל פון יידישע ליידן און פאַרצווייפלונג. אין יעדן וואָרט ליגט אַ יידיש האַרץ, וואָס בלוטיקט און ליידט פאַר אַלץ און פאַר אַלעמען. יעדעס וואָרט איז אַ טיפער ווייטיק, וואָס פאַרגליווערט דאָס בלוט אין די אָדערן. אין יעדן וואָרט איז פאַראַן אַ נשמה, אַ צאַרטע יידישע נשמה, וואָס ציטערט און פלאַטערט פאַר יידישע לעבנס, פאַרן יידישן כבוד, פאַר יידישע הייליק־טימער און פאַר יידישער עקזיסטענץ.

עס זיינען אויך דאָ ווערטער פון פאַרביטערונג, פון פּראָטעסט צו דער שלעכטער מענטשהייט, וואָס ברענגט אַזוי פיל ליידן און דערנידע־ריקונגען אויפן יידישן פאָלק; פאַראַן אויך טענות צו גאָט, פאַרוואָס ער פאַרלאָזט זיין אויסדערוויילט פאָלק אין אַן עת־צרה. ס׳איז אין די זעלבע ווערטער אויך פאַראַן אַ טיף געבעט צו גאָט און אַ שטאַרקער גלויבן, אַז ניט אויף שטענדיק וועט גאָט פאַרלאָזן זיין פאָלק ישראל.

די דאָזיקע סליחות געהערן צו די פאָלגנדע מחברים: רבינו גרשם מאור הגולה, רבנו רש״י, אבן גבירול, רב שלמה הבבלי, רב אליהו ברב שמעיה, רבינו שפטיה ברב יצחק, רב יצחק ברב מאיר און אַנדערע.

זאָגנדיק אָט־די סליחות שוועבן פאַרביי פאַר די אויגן די אכזריות־דיקע בילדער, די גרויסע דראַמעס מיט אַלע זייערע טראַגישע איבערלע־בונגען פון דעם יידישן פאָלק, פאַר דער צייט פון די 5 קרייצצוגן, און אויך די דראַמעס און טראַגעדיעס פון די לעצטע צוויי טויזנט יאָר גלות. און ווען יידן קומען זיך צונויף אין שולן און בתי־מדרשים צו זאָגן סליחות,

עפענען זיך די הימלען און דורך די טויערן פון רחמים קומען אראפ די יידישע גרויסע נשמות, די, וואס האבן מקדש השם געווען, געלייטערטע, שטראלנדיקע פון קדושה, און זיי פילן אן אלע שולן. אין א מאמענט פון גייסטיקער דערהויבונג פילט מען זייער אנוועזנהייט.

און כביכול אליין איז אויך מיט זיי און באשטראלט די מתפללים מיט קדושה; ער נעמט צונויף פארזיכטיק די אלע טרערן פון די מתפללים און גיסט זיי אריין אין זיין כוס פון טרערן; ער לייגט צונויף מיט רחמים און ליבשאפט אלע קרעכצן און וויי־געשרייען צוזאמען מיט די תפלות פון די מתפללים און דארט, אין די הימלען, פלעכט מען פון דעם אלעמען א שיינע, רייכע, גרויסע און ליכטיקע צוקונפט פארן פאלק ישראל און פארן הייליקן לאנד ציון.

## דער מוזיקאלישער נוסח פון סליחות.

צוויי פארשידענע נוסחאות זיינען פאראן צו זינגען און צו זאגן סליחות.

איין נוסח איז דא צו די סליחות, וואס זיינען געשאפן געווארן אין די תקופות פון די תנאים, אמוראים און גאונים, ביז דעם 11טן יארהונ־דערט, און א צווייטער נוסח איז דא צו די סליחות, וואס זיינען געשאפן געווארן אין דער צייט פן די קרייצצוגן פון דעם 11־טן יארהונדערט און ווייטער. די סליחות, וואס זיינען געשאפן געווארן ביזן 11טן יארהונ־דערט, זינגט מען מיטן זעלבן נוסח ווי מען זינגט דעם ספר איוב. (זע ווייטער).

דער ניגון פון ספר איוב איז א טרויעריקער, א מאנאטאנער און ער רופט־ארויס טרערן. דער זעלבער נוסח פון איוב ווערט אויך באנוצט, ווען מען לייענט „ויחל”, אין א תענית צבור, ביי די ווערטער „שוב מחרון אפך”, ביי קריאת התורה פון ראש־השנה און יום־הכפורים און ביי איי־ניקע פסוקים פון מגילת אסתר. דער טאן איז א מיטלמעסיקער און ער איז אויך צוגעפאסט צום געמיט־צושטאנד פון אבלים און נאציאנאלע טרויער־טעג.

די סליחות, וואס זיינען געשאפן געווארן אין די תקופות פון די קרייצצוגן, איבערהויפט די, וואס זיינען געשאפן געווארן אינעם 11טן, 12טן און 13טן יארהונדערט, ווערן געזונגען אין אהבה־רבה־גוסט (זע אויבן), אין דעם גוסט וואס חזנים און בעלי־תפלות זינגען שבת און יום־טוב, פון אהבה רבה ביז גאל ישראל.

דער גוסט איז אן אקומולירטער קוואל פון יידישע צרות און איז, אגב, א פריי פעלד פאר אימפראוויזאציעס פאר חזנים און בעלי תפלות. א פריי פעלד פון אינטערפרעטאציעס, פון אויסדריקן אין א הויכער מו־זיקאלישער פארם יידישע צרות, יידישן גלויבן און יידישע האפנונג.

צו קאָנען געבן אַ ריכטיקע מוזיקאַלישע אינטערפּרעטאַציע צו די סליחות, איז ניט גענוג צו קאָנען דעם אהבה־רבה־גוסט; מען מוז אויך גוט קאָנען די גרויסע יידישע דראַמע פון גלות, מיט אַלע טראַגעדיעס, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט דורכגעלעבט און איבערגעלעבט אין יענע תקופות. און אַפילו דאָס אַליין איז נאָך אויך ניט גענוג צו קאָנען. ווי געהעריק אינטערפּרעטירן די סליחות; מען מוז זיך אריינלעבן אין יענע תקופות און מען מוז פּערזענלעך איבערלעבן די אַלע גרוילטאַטן, די דערנידעריקונגען, פּיין, צער און צאָרן, וואָס די יידן פון יענער תקופה האָבן איבערגעלעבט.

עס מוזן אויפלעבן פאַר דעם חזן, וואָס זאָגט די סליחות, יענע שרעקלעכע בילדער פון מיטלאַלטער מיט אַלע זייערע גרויזאַמע ווירקלעכקייטן וואָס די יידן האָבן דאַן איבערגעלעבט.. ער מוז זען דורך זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט די אַלע גרויסע יידישע מאַרטירער, וועלכע האָבן מקדש השם געווען, זיך לאָזנדיק לעבעדיקערהייט פאַרברענען, אבי ניט צו פאַרבייטן זייער אמונה און פאָלק. עס מוזן שטיין פאַר זיינע אויגן ווי לעבעדיקע יענע צערטלעכע יידישע מאַמעס, וועלכע האָבן אומגעבראַכט זייערע קליינינקע עופהלעך, כדי זיי זאָלן ניט אריינפאַלן צו די באַרבאַרן, וועלכע וואָלטן זיי זיכער געווען געשמדט. ער מוז זען אין זיין פאַנטאַזיע די הונדערטער הייליקע קהלות, וועלכע זיינען אומגעקומען על קדוש השם, פאַר זייער אמונה און פאַר זייער פאָלק.

און ווען מען שטעלט זיך זאָגן סליחות אונטער דער ווירקונג פון אָט די אַלע בילדער, דאַן וועט דער פרייער אהבה־רבה־גוסט זיך פאַרוואַנדלען אין איין גרויסן קרעכץ און אין אַ מעכטיקן פּראָטעסט קעגן דער שלעכטער מענטשהייט. צו דער זעלבער צייט וועט עס זיין אַ האַרציקע דערמאָנונג, אַן הזכרה־אַקט, אַ הערלעכער הימן, אויסגעזונגען פאַר די גרויסע נשמות, וועלכע האָבן געקאָנט אַזוי הייליק, אַזוי שטאָלץ און אַזוי דערהויבן מקדש השם זיין ברבים.

אַ גאָר אייגנאַרטיקער נוסח איז פאַראַן ביי די ווערטער „ויקרא בשם א״ד״. דער נוסח איז אַ נאָכמאַכונג פון הענער, ווען זיי קרייען פאַרטאָג.

פון וואַנען דער נוסח שטאַמט און פאַרוואָס ער קומט צום אויסדרוק נאָר ביי די ווערטער „ויקרא בשם א״ד״, איז ניט באַקאַנט. מעגלעך, אַז די אייגנאַרטיקייט נאָכצומאַכן דאָס קרייען פון די הענער פאַרטאָג נעמט זיך פון אַ מאמר חז״ל, וואָס זאָגט: „ישראל היו דומין לתרנגולים שמנקרין באשפה״ (יומא, ע״ה) — די יידן זיינען געגליכן צו הענער ווייל זיי ראַיען זיך אין מיסט; אָדער „אלמלא לא נתנה תורה לישראל היינו למדין דרך־ארץ מתרנגול״ (ערכין ק׳), — ווען מען וואָלט ניט געגעבן די תורה צו די יידן, וואָלטן מיר געלערנט דרך־ארץ פון אַ האָן.

אָבער דער דערמאָנטער נוסח איז נאָר אַ סימבאָלישער...

מעגלעך, אַז די פּאַרטאַקיקע שטימונג, ווען מען גייט צו סליחות און ווען מען זאָגט די סליחות, וואָס דאָס איז די צייט, ווען מ׳הערט די הענער קרייען, האָט געווירקט אומבאַוואוסטזיניק און דאָס פאַרוואַנדלט אין אַ נוסח.

קאַפּיטל זעקס

# תפלת קדיש

**קדיש אַלס אַ ברכה נאָכן לערנען תורה. דער אינהאַלט פון קדיש, קדיש אין דאַוונען. קדיש פון שליח צבור. דער אָפּ־שטאַם פון תפלת קדיש. די וויכטיקייט פון צו זאָגן: אָמן יהא שמיה רבה מברך. דער נאָמען קדיש אין תלמוד. רבנן קדיש. קדיש פון ש״צ, קדיש יתום, קדיש על המת. דער מנהג צו זאָגן קדיש נאָך עלטערן די ערשטע 11 מאָנאַטן נאָך זייער טויט, און צו זאָגן קדיש אַלע יאָר אינעם טאָג פון יאָרצייט. די לעגענדעס וועגן רבי עקיבא און רבי יוחנן בן זכאי. דער חוב פון עלטערן צו לערנען זייערע קינדער תורה. דער זכות פון לערנען תורה.**

---

די שפּראַך פון תפלת קדיש איז אַראַמעאיש. דאָס איז די שפּראַך, וועלכע די יידן האָבן גערעדט אין בבל.. די חכמים האָבן מתקן געווען צו זאָגן די תפלת קדיש, כדי צו גרויסן, לויבן און הייליקן גאָט ברבים.

בעיקר האָט מען געזאָגט קדיש נאָכן לערנען, אַלץ איינס, צי מען האָט געלערנט, תלמוד, משנה, תורה, נביאים, מדרש און אפילו נאָכן זאָגן אַ יום תהלים. דאָס איז אַ פּרפּראות, אַ פאַרבייסן נאָכן לערנען.

לערנען תורה איז ביי די יידן אַ געבאָט פון דער תורה: „והגית בו יומם ולילה״, — זאָלסט לערנען אין דער תורה טאָג און נאַכט. און ניט נאָר איז אַ ייד מחויב אַליין צו לערנען תורה, נאָר ער איז אויך מחויב צו לערנען תורה מיט זיינע קינדער: „ושננתם לבניך ודברת בם בשבתך, בביתך, ובלכתך בדרך, בשכבך ובקומך״, — זאָלסט לערנען מיט דיינע קינדער און זאָלסט רעדן צו און מיט זיי, ווען דו ביסט אין דער היים, ווען דו לאָזט זיך אין וועג אַריין, ווען דו לייגסט זיך שלאָפן און ווען דו

שטייסט אויף. ווייל זינט מען האָט געגעבן די תורה צו די יידן אויפן באַרג סיני, איז די תורה געוואָרן דער שורש פון דער יידישער פאָלקס־נשמה און זייער קודש הקדשים.

תורה לערנען, זאָגט שמעון הצדיק, איז איינע פון די פונדאַמענטן, אויף וואָס די וועלט שטייט.

תורה איז גרעסער פון כהונה און מלכות (פרק אבות).

גאָט האָט געוואָלט מזכה זיין די יידן, האָט ער זיי געגעבן תורה און מצוות (פרק אבות).

דער תלמוד ברענגט, אַז גאָט זיצט און לערנט תורה (עבודה זרה, ג׳). אויך ברענגט דער תלמוד, אַז גאָט זאָגט: מיך וואָלט ניט געאַרט, אַז יידן זאָלן מיר פאַרלאָזן, אַבי זיי זאָלן לערנען מיין תורה. דורך אָט־דעם זאָג ווערט תורה־לערנען העכער פון פרומקייט.

אַ ממזר, אַ תלמוד־חכם, זאָגט די גמרא (הוריות י״ג), איז וויכטיקער ווי אַ כהן־גדול אַן עם־הארץ.

לערנען תורה איז זייער וויכטיק, ווייל דורך לערנען ווערט דער גע־דאַנק ברייט, טיף און קלאָר. דער מח שאַרף און די השגה הויך. דורך לערנען תורה צעוואַקסן זיך און עס צעבליען זיך די גייסטיקע, עטישע און מאָראַלישע כוחות פון דעם, וואָס לערנט. וואָס מער דער ייד לערנט תורה, אַלץ מער עפענען זיך פאַר אים ברייטערע האָריזאָנטן פון וויסן און פאַרשטיין.

ווען אַ ייד לערנט תורה, הויבט ער זיך אויף העכער פון אַלטעגלעכן הו־האַ־לעבן. ער פאַרגעסט אין די אַלטעגלעכע זאָרגן, פאַרגעסט אין בי־טערן גלות, אין אַלע יסורים און דערנידערונגען, און ער דערגרייכט צו דער מדרגה צו קאָנען קוקן מיט בטול אויף זיינע טעגלעכע זאָרגן, אויף זיינע פייניקער און באַליידיקער, ווייל ער טוט־אויף עפּעס גרויס, ער שאַפט פון דעם אַלטן שטאָף, פון דער תורה, וואָס ווערט קיין מאָל ניט אַלט, נייע באַגריפן, נייע אידעען און הויכע געדאַנקען.

אַלע יידן זיינען מחויב צו לערנען תורה, צו וויסן די געזעצן פון צדק און יושר, צו וויסן ווי צו לעבן אַ ריין, אַ ציכטיק יידיש לעבן.

מען מוז לערנען, און לערנענדיק אַריינברענגען נייע כוונות און נייע געדאַנקען אין די ווערטער פון תורה און אַזוי אַרום באַרייכערן די ספרים וואָס מען לערנט, מיט אינהאַלט און באַדייטונג: „כי הם חיינו ואורך ימינו״, — ווייל תורה איז דאָס יידישע לעבן און די יידישע עקזיסטענץ.

דאָס לערנען מאַכט דעם יידן פאַר אַ גייסטיקן אַריסטאָקראַט. עס מאַכט אים איידעלער, פיינער און בעסער און דערהויבט אים צו אַ העכ־ערע מדרגה פון קולטור. לערנט דאָך דער ייד תורה לשמה, לערנען צוליב לערנען, אָן דער כוונה צו ציען פון דעם מאַטעריעלע נוצן.

דערפאַר, ווען עס זיצן צען יידן און לערנען תורה, רוט צווישן זיי

די שכינה. און ניט נאָר צען, אפילו בלויז צוויי אָדער דריי, צי גאָר בלויז איינער, ווען ער זיצט און לערנט, רוט אויף אים די שכינה (פרקי אבות).

די חכמי התלמוד, וויסנדיק די וויכטיקייט פון לערנען תורה לשמה ביי יידן און דעם גייסטיקן געניס, וואָס יידן האָבן פון לערנען תורה, האָבן געשאַפן די אויסטערלישע תפלה „קדיש", זי צו זאָגן נאָך יעדנ־מאָליקן לערנען. דאָס דאַרף זיין אַזאַ מין ברכה נאָכן לערנען, אַ ברכה נאָך אַ גייסטיקער באַפרידיקונג, פונקט ווי זיי האָבן מתקן געווען, אַז מען זאָל מאַכן אַ ברכה נאָך עסן און טרינקען, נאָך אַ פיזישער באַפרידיקונג.

אַזוי האָט מען איינגעפירט צו זאָגן קדיש נאָך יעדנמאָליקן לערנען תורה, נביאים, כתובים, משנה, גמרא, א. א. וו.

ביים דאַוונען האָט מען אויך מתקן געווען צו זאָגן קדיש צוליב די שטיקער תורה, נביאים, כתובים און תלמוד, וואָס זיינען דאָרט פאַראַן; אויך נאָך פרשת הקרבנות (תורה), נאָך די פסוקי דזמרה (כתובים), נאָך קריאת־שמע (תורה), נאָכן זאָגן דעם שיר של יום (כתובים); אויך נאָכן זאָגן איזהו מקומן של זבחים און די ברייתא דרבי ישמעאל (תלמוד) זאָגט מען קדיש; נאָך „עלינו" זאָגט מען אויך קדיש, אָבער דאָס איז דער קדיש, וואָס עס זאָגן יתומים (זע ווייטער).

## דער אינהאַלט פון קדיש.

„יתגדל ויתקדש שמה רבא", — זאָל דערהויבן און געהייליקט ווערן זיין גרויסער נאָמען אויף דער וועלט, וועלכע ער האָט באַשאַפן לויט זיין ווילן, און ער זאָל גרינדן זיין מלוכה אויף דער ערד, בעת אונדזער לעבן, אין אונדזערע טעג, און ביים לעבן פון כל בית ישראל, אומגעזאַמט און אין אַ קורצער צייט און זאָגט אמן". דאַן קומען לויב־ווערטער צו גאָט: „יתברך, וישתבח, ויתפאר, ויתרומם, ויתנשא, ויתהדר, ויתעלה שמה דקודשא ברוך הוא", — זאָל געבענטש, געלויבט געריימט, דערהויבן און באַשיינט זיין דער נאָמען פון דעם הייליקן, געבענטשט זאָל ער זיין.

## דער אָפּשטאַם פון תפלת קדיש.

דער אָפּשטאַם פון דער אויסטערלישער תפלה „קדיש" איז פאַר־באָרגן אין געהיימניש. אַ לעגענדע דערציילט, אַז מלאכים האָבן זי אַראָפּ־געבראַכט פון הימל און האָבן אויסגעלערנט די יידן צו זינגען שירה צו גאָט באַגלייך מיט די מלאכים. דער אינהאַלט פון קדיש באַשטעטיקט עס, דער אונטערשייד איז נאָר אין דער שפּראַך. מלאכים זינגען די שירה אין העברעאיש און די יידן אין אַראַמעאיש; מלאכים זינגען: „קדש, קדש, קדש, א"ד צבאות מלא כל הארץ כבודו", — הייליק, הייליק, הייליק איז דער גאָט פון צבאות, ס'איז פול די גאַנצע ערד מיט זיין כבוד. און די

יידן זינגען: יתגדל ויתקדש שמה רבא, בעלמא די ברא כרעותה, — זאָל געגרויסט און געהייליקט ווערן זיין גרויסער נאָמען אויף דער וועלט, וועלכע ער האָט באַשאַפן לויט זיין ווילן. די מלאכים זינגען: „ברוך כבוד א״ד ממקומו״, — זאָל זיין געבענטשט דער כבוד פון גאָט פון זיין אָרט. די יידן זינגען: „יהא שמה רבא מברך לעולם ולעלמי עלמיה, — זאָל זיין גרויסער נאָמען זיין געבענטשט אויף אַלע אייביקייטן.

די תפלת קדיש דערהויבט די יידן צום ראַנג פון די מלאכים, פאַר־בינדט און באַהעפט די ערד מיט די הימלען און פאַראייניקט דאָס יידישע פאָלק אין איין גאַנצקייט.

אין תלמוד ווערט צוגעגעבן גרויס חשיבות גרויס וויכטיקייט, צו אָט־דער תפלה. דאָרט ווערט געזאָגט (שבת, קי״ט) אַז דער וואָס הערט זאָגן קדיש און ער ענטפערט „אמן יהא שמה רבא מברך״ מיט זיין גאַנצן כח, ווירקט אַזוי, אַז מ׳צערייסט אין די הימלען זיין שלעכטן גזר־דין.

פון דעם דערמאָנטן מאמר חז״ל האָט זיך ביי די יידן אַנטוויקלט אַ שטאַרקער דראַנג צו לערנען תורה און אַ שטרעבונג, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ליידנשאַפט צו לערנען זייערע קינדער תורה, תלמוד, משנה, אגדה, נביאים און כתובים, ווייל יעדער ייד טוט תפלה, בעט ביי גאָט, ער זאָל צערייסן זיין שלעכטן גזר־דין (קרע רוע גזר דיננו) און לויטן מאמר חז״ל איז גענוג עס צו דערגרייכן נאָר מיטן זאָגן „אמן יהא שמה רבא מברך״ מיט זיין גאַנצן כח; וועט ער נאָכזוכן וואו מען זאָגט קדיש, כדי צו ענטפערן „אמן יהא שמה רבא״, וועט ער זיין זיכער קעגן אַ גזר־דין. און אַזוי ווי קדיש זאָגט מען נאָכן לערנען אָדער ווען מען זאָגט שטיקער פון תורה, תלמוד, נביאים, כתובים א. א. וו., וועט מען דעריבער לערנען, כדי צו דאַרפן זאָגן קדיש. דאָס איז איינער פון די שטאַרקסטע מאָטיוון, פאַרוואָס עס האָט זיך פאַרשפּרייט ביי יידן דער דראַנג צו לער־נען תורה.

אָט־די תפלה מיטן נאָמען קדיש ווערט דערמאָנט אין מסכתא סופ־רים. דאָרט ווערט געזאָגט, אַז מען איז מצרף אַ קינד (איידער עס ווערט אַלט פולע 13 יאָר) צו קריאת־התורה און צו קדיש.

## קדיש נאָכן לערנען, — קדיש דרבנן.

צום קדיש, וואָס מען זאָגט נאָך יעדן לערנען, האָט מען צוגעגעבן אַ ספּעציעלע תפלה פאַר יענע יידן, וואָס זיצן און לערנען תורה. די צוגע־געבענע תפלה איז פאָלגנדע: „על ישראל ועל רבנן, ועל תלמידיהן ועל תלמידי תלמידיהן, — אויף די יידן און אויף די רבנים, אויף זייערע שי־לער און אויף די שילער פון די שילער, אויף יעדן וואָס לערנט תורה דאָ־הי און אין יעדן אָרט. זאָל זיין צו זיין אַלעמען אַ סך פרייד, לייטזעליקייט

און גענאַד, רחמנות, לאַנג לעבן, שפּייז צו זעט און אויסלייזונג, וואָס זאָל קומען פון זייער פאָטער פון הימל און ערד, און זאָגט אמן".

## קדיש פאַר אַ יחיד.

נאָכן שיר של יום פון שבת און יום טוב האָט מען מתקן געווען קדיש יחיד, אַן אינדיווידועלן קדיש, וואָס יעדער מתפלל זאָגט אים שטילערהייט.

דער קדיש יחיד זאָגט זיך אַזוי: „על הכל יתגדל, ויתקדש, וישתבח, ויתפאר, ויתרומם, ויתנשא, שמו של מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא, בעולמות שברא העולם הזה והעולם הבא כרצונו וכרצון יראיו".

דער קדיש יחיד איז אין העברעאיש און דער אינהאַלט איז כמעט דערזעלבער ווי דער קדיש, וואָס מען זאָגט בציבור אין אַראַמעאיש.

דאָס איז אַ ברכה נאָך די שטיקער תורה, נביאים, כתובים און תל-מוד, וואָס דער יחיד האָט געזאָגט פאַר זיך ביים דאַוונען.

## קדיש על המת און קדיש יתום.

אין סידור פון רב עמרם גאון ווערט געבראַכט דער נוסח פון קדיש, וואָס דער שליח-ציבור זאָגט אויפן בית-הקברות נאָכן זאָגן צדוק הדין. דאָס איז כמעט דער זעלבער נוסח ווי ביי די אשכנזים, וואָס דער אבל (ניט דער שליח-ציבור) זאָגט אויפן בית-הקברות נאָכן זאָגן צדוק הדין.

דער מנהג, אַז דער אבל זאָל זאָגן קדיש אויפן בית-הקברות נאָכן זאָגן צדוק הדין און ניט דער שליח-ציבור, האָט זיך גענומען פון די גרויסע אומגליקן, וואָס די קרייצצוגן האָבן פאַראורזאַכט אין די יידישע קהי-לות אין אייראָפּע, וואו זיי האָבן צעשטערט, דעמאָראַליזירט און דעס-אָרגאַניזירט די קהלות און געבראַכט צו אַזאַ צושטאַנד, אַז עס זיינען ניט געבליבן די נויטיקע באַאַמטע, וועלכע זאָלן קאָנען נאָכקומען די פאָ-דערונגען פון זייער אַמט. און ניט האָבנדיק צו דער צייט דעם שליח-צבור צו זאָגן קדיש נאָכן זאָגן צדוק הדין, האָט מען מתקן געווען, אַז דער נאָענטסטער אבל זאָל זאָגן דעם קדיש.

אַזוי אַרום איז עס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מנהג, וואָס איז אָנ-גענומען געוואָרן בכל תפוצות ישראל.

פון דעם מנהג, אַז דער נאָענטסטער אָבל זאָל זאָגן קדיש על המת אויפן בית-הקברות, האָט זיך מיט דער צייט געשאַפן נאָך אַ מנהג אַז די אבלים זאָלן זאָגן קדיש נאָך זייער מת די ערשטע עלף חדשים נאָך זיין טויט אין אַלע יאָר אין טאָג פון יאָרצייט.

דער מאָטיוו, וואָס האָט געבראַכט דעם נייעם מנהג, איז דער גלויבן, אַז דאָס זאָגן קדיש מצד די אבלים די עלף מאָנאַטן נאָך זייער קרובס טויט, באַפרייט די מתים פון גיהנום און ברענגט זיי אַריין אין גן-עדן.

אַט־דער מנהג שטאַמט פון די צייטן פון נאָך די גאונים, ביים־אָנהויב פונעם 12טן יאָרהונדערט, טאַקע אין די סאַמע אומגליקלעכסטע צייטן פון די קרייצצוגן, ווען דאָס יידישע אָרגאַניזירטע לעבן איז דורך זיי חרב ונחרב געוואָרן און יידישע פאַמיליעס זיינען צעריסן און צעשפּליטערט געוואָרן; יידן האָבן דעמאָלט אויפגעהערט צו לערנען תורה, די ריין־יידישע דערציאונג פון די קינדער איז איבער די אומשטענדן פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן; די ישיבות, חדרים און תלמוד־תורה׳ס זיינען צעשטערט און חרוב געוואָרן און עס איז אַנטשטאַנען די גרויסע סכנה, אַז אויב יידן זאָלן אינגאַנצן אויפהערן צו לערנען תורה, וועט די תורה פאַרגעסן ווערן ביי יידן, מען וועט זיך אַסימילירן און דאָס יידישע פאָלק וועט לגמרי פאַרשווינדן ווערן.

צו יענער צייט האָבן די חכמי־אשכנז מתקן געווען דעם דין, אַז קינדער זאָלן זאָגן קדיש נאָך זייערע עלטערן די ערשטע עלף מאָנאַטן נאָך זייער טויט און אין יום המיתה (יאָרצייט) אַלע יאָר, ווייל, דאָס זאָגן קדיש וועט באַפרייען זייערע טויטע עלטערן פון גיהנום און זיי אַריינברענגען אין גן־עדן.

די כוונה פון דער תקנה איז אָבער געווען אַ טיפערע און אַ העכערע, — עס איז געווען אַ ווייט־גרייכנדיקער נאַציאָנאַלער אויפטו. מ׳איז מיט אַט־דעם אויפטו אויסן געווען, אַז יידן זאָלן שטרעבן צו לערנען תורה און זאָלן טאַקע לערנען תורה, ווייל פונעם לערנען תורה איז אָפּהענגיק די עקזיסטענץ פונעם יידישן פאָלק.

די דערמאָנטע תקנה פון די חכמי אשכנז איז באַזירט אויף פאָלגנדע צוויי מסורות, וועלכע זיינען אַרומגעגאַנגען צווישן פאָלק. אין איין מסורה רעדט זיך וועגן רבי עקיבא און די זעלבע מסורה, אין אַ צווייטן וואַריאַנט, רעדט וועגן רבי יוחנן בן זכאי.

## די לעגענדעס וועגן רבי עקיבא און רבי יוחנן בן זכאי

די מסורה דערציילט, אַז רבי עקיבא האָט אַמאָל געזען אַ מענטשן, וועלכער איז געווען שוואַרץ ווי קויל. ער האָט געטראָגן אויף זיין קאָפּ אַזאַ משא האָלץ, וואָס צען מענטשן וואָלטן זי באַדאַרפט טראָגן. און דער מענטש איז מיט דער לאַסט אויף זיין קאָפּ געלאָפן ווי אַ פערד.

רבי עקיבא האָט גוזר געווען אויף דעם מענטשן, ער זאָל זיך אָפּשטעלן. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט.

פרעגט אים רבי עקיבא:

— זאָג מיר, פאַרוואָס טוסטו אַזאַ שווערע אַרבעט און פון וואָס ביסטו אַזוי שוואַרץ?

דער מענטש ענטפערט ניט אויף די געשטעלטע פראַגן, נאָר ער בעט

זיך ביי רבי עקיבאן, ער זאָל אים גיך באַפרייען, ווייל ער מוז לויפן.

פרעגט אים רבי עקיבא:

— וואָס טוסטו אַזעלכעס, וואָס דו איילסט זיך אַזוי?

ענטפערט דער מענטש:

— זיי וויסן, אַז איך בין אַ מת, אַ טויטער און אַלע טאָג שיקט מען מיך אין וואַלד אַריין אָנצוהאַקן האָלץ און ברענגען עס אין גיהנום. דאָרט פאַרברענט מען מיך אויף אָט־דעם האָלץ. דערנאָך ווער איך ווידעראַמאָל לעבעדיק און מוז באַנייס לויפן אין וואַלד נאָך האָלץ. און אַזוי אַלע טאָג...

פרעגט אים רבי עקיבא:

— וואָס פאַרא עבירות האָסטו געטאָן אויף דער וועלט, פון וואַנען דו ביזט געקומען, וואָס מען באַשטראָפט דיר אַזוי שרעקלעך?

ענטפערט דער מענטש:

— אויף דער וועלט, פון וואַנען איך בין געקומען, בין איך געווען אַ צינדזן־איינמאָנער. צו גבירים האָב איך געשמייכלט, אָבער האָב שטאַרק געדריקט, אָן רחמנות, די אָרעמע, און דערפאַר איז מיין שטראָף אַזוי שרעקלעך.

פרעגט אים רבי עקיבא:

— האָסטו עפּעס געטאָן אַ גוטע טואונג, דורך וועלכער מען זאָל דיר קאָנען באַפרייען פון אַזאַ שרעקלעכער שטראָף?

ענטפערט דער מענטש:

— איך געדענקט ניט צו האָבן געטאָן עפּעס אַ גוטע טואונג. איך האָב בלויז געהערט אין גיהנום, ווי מען האָט געזאָגט אויף מיר, אַז ווען איך זאָל האָבן אַ זון, וועלכער זאָל זאָגן פאַר קהל „ברכו את א״ד המבורך״ און קהל זאָל ענטפערן „ברוך א״ד המבורך לעולם ועד״, אָדער ער זאָל זאָגן פאַר קהל „יתגדל ויתקדש שמה רבא״ און קהל זאָל ענטפערן „אמן יהא שמה רבא מברך״, וואָלט מען מיך באַפרייט פון גיהנום. איך — זאָגט ווייטער דער מענטש, — האָב געלאָזט אויף יענער וועלט, ווען איך בין געשטאָרבן, מיין פרוי אין אַ שוואַנגערן צושטאַנד, אָבער איך וויים ניט, צי זי האָט געהאַט אַ זון, און אויב יאָ, וויים איך ניט, צי ער לערנט ער־געץ תורה, כדי צו קאָנען זאָגן פאַר קהל „ברכו״ אָדער „קדיש״, דורך וועלכע איך זאָל קאָנען באַפרייט ווערן פון גיהנום.

אין יענער שעה דערציילט די מסורה, האָט רבי עקיבא גענומען אויף זיך אָפּצוזוכן די פרוי פון דעם אומגליקלעכן מענטשן, און אויב זי האָט געבוירן אַ זון, צו לערנען מיט אים תורה און ברכות, כדי צו שטעלן דאָס קינד פאַר קהל צו זאָגן ברכו און קדיש און אַזוי אַרום באַפרייען דעם מענטשן פון זיין שווערער שטראָף אין גיהנום.

אין איינעם אַ טאָג, איז רבי עקיבא אָנגעקומען אין דער שטאָט בלודקיא, וואו דער דאָזיקער מענטש האָט אַמאָל געוואוינט.

ווען ער האָט זיך גענומען נאָכפרעגן ביי די איינוואוינער פון שטאָט, צי זיי האָבן געקאָנט דעם און דעם מענטשן, האָט ער באַקומען דעם פאַר־ביטערטן ענטפער: „זאָל ער דאָרט ברענען אין גיהנום".

— קאָנט איר די אלמנה, זיין פרוי?

— זאָל אָפּגעמעקט ווערן איר געדעכעניש! — איז געווען זייער ענטפער.

— קאָנט איר זיין זון?

— מיר קאָנען אים; ער וואַקסט אַן אויסוואורף ווי דער טאַטע; ער איז דאָך אפילו ניט געמלעט!

האָט רבי עקיבא גענומען דאָס קינד צו זיך, האָט עס געמל'ט און גענומען לערנען מיט אים תורה און ברכות, ביז דאָס קינד האָט זיך גע־שטעלט פאַר קהל און געזאָגט: „ברכו את א"ד המבורך" און קדיש.

אין דער צייט, ווען דאָס קינד איז געשטאַנען פאַר קהל און געזאָגט „ברכו" און קדיש, דערציילט די לעגענדע, האָט מען באַפרייט דעם מענ־טשן פון גיהנום.

ביינאַכט איז דער געשטאָרבענער מענטש געקומען צו רבי עקיבא צו חלום און האָט אים געזאָגט: פאַר דיין גוטער טאַט זאָל זיין דער ווילן פון גאָט, אַז דו זאָלסט רוען אין גן־עדן.

פון די מסורות האָבן די חכמי אשכנז אָפּגעלערנט און אַרויסגע־דרונגען, אַז עלטערן, וועלכע לערנען ניט זייערע קינדער תורה און ברכות, ווערן געברענט און געבראָטן אין גיהנום. דער ייד, וואָס וויל ניט ברענען אין גיהנום, זאָל זיך אָנשטרענגען, אַז זיינע קינדער זאָלן לערנען תורה און ברכות.

צוליב אָט־דעם מאָטיוו האָבן יידן געלערנט תורה און ניט געשפּאָרט קיין מי און קיין געלט צו לערנען זייערע קינדער תורה אונטער אַלע אומ־שטענדן (תורה מיינט מען אַלע יידישע לימודים). אַ ייד האָט פון דאָס לעצטע, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, געצאָלט שכר־לימוד פאַר זיינע קינ־דער, כדי זיי זאָלן לערנען ביי די בעסטע מלמדים; מען האָט געשיקט די קינדער אין די שטעט, וואו עס זיינען געווען ישיבות, צו לערנען דאָרט תורה, תלמוד, הלכה און אגדה.

פאַר קינדער פון גאָר אָרעמע עלטערן אָדער יתומים האָט יעדער יידישער קבוץ געגרינדעט תלמוד־תורה'ס, צו לערנען מיט זיי תורה און ברכות.

דער בעסטער וואונש פון יידישע עלטערן איז געווען, אַז זייערע קינדער זאָלן אויסוואַקסן למדנים און אויב מעגלעך, רבנים, דיינים און שוחטים.

די עלטערן, וואָס זייערע קינדער האָבן געהאַט שווערע קעפּ צום לערנען און צו פאַרשטיין די לימודים, האָבן זיי זיך אָנגעשטרענגט,

אַז מען זאָל זייערע קינדער לפּחות אויסלערנען קדיש און ברכות, בכדי זיי זאָלן כאָטש קאָנען זאָגן קדיש נאָך 120 יאָר, ווען זיי וועלן שטאַרבן, כדי ניט צו ברענען אין די פייערן פון גיהנום.

אַזוי אַרום איז דער מנהג, וואָס די חכמי אשכנז האָבן איינגעפירט, אַז די קינדער פון אבלים זאָלן זאָגן קדיש נאָך זייערע עלטערן די ערשטע עלף מאָנאַטן נאָך זייער טויט, געוואָרן אַ שטאַרקע טרייב־קראַפט פאַר די יידן, אַז מען זאָל לערנען תורה.

דאָס לערנען תורה איז פון דאַן אָנגעהאַלטן געוואָרן ביי די יידן מיט דער גרעסטער שטרענגקייט איז ניט איבערגעריסן געוואָרן אפילו אין די קריטישסטע אומשטענדן אין משך פון דער גאַנצער תקופה.

דאָס וואָס אָט־די לעגענדעס ווערן דערציילט גראָד וועגן רבי עקיבא און רבי יוחנן בן זכאי, איז ניט קיין צופאַל. דאָס איז דערפאַר, ווייל זיי זיינען עס געווען די גרויסע יידישע פּערזענלעכקייטן, די גייסטיקע ריזן, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען, אַז אין לערנען תורה ליגט דער יסוד פון יידי־שער עקזיסטענץ, און זיי האָבן מיט אַלע זייערע כוחות זיך אָנגעשטרענגט צו פאַרשפּרייטן דאָס לערנען תורה צווישן יידישן פאָלק: רבי יוחנן בן זכאי מיט זיין יבנה וחכמיה און רבי עקיבא מיט זיין מקדש השם זיין פאַר לערנען תורה.

דאָס יידישע פאָלק האָט אַרום זיי געוועבט וואונדערבאַרע שיינע לעגענדעס.

די חכמי התלמוד האָבן נאָכגעטאָן זייערע גרויסע לערער און האָבן געשטעלט דאָס לערנען תורה העכער פון אַלץ.

תלמוד תורה כנגד כולם (פּאה, פ״א), — דאָס לערנען תורה איז העכער און וויכטיקער פון אַלץ.

אין טוב אלא תורה (ברכות ה׳), — ס׳איז ניטאָ קיין בעסערס פון תורה.

ואמת זו תורה (ברכות ה׳) — אמת איז תורה.

אין עץ חיים אלא תורה (ברכות ה׳, ל״ב), — עס איז ניטאָ קיין אייביק לעבן, ווי נאָר תורה.

כל העוסק בתורה יום אחד בשנה, מעלה עליו הכתוב כאלו עסק כל השנה כולה (חגיגי ה׳), דער וואָס לערנט תורה אפילו בלויז איין טאָג אין יאָר, זאָגט אויף אים דער פּסוק, אַז עס איז ביי אים געגליכן ווי ער וואָלט געלערנט תורה אַ גאַנץ יאָר.

ויען כי רצה הקדוש ברוך הוא לזכות את ישראל, לפיכך הרבה להם תורה ומצות (מכות כ״ג), — ווייל גאָט האָט געוואָלט מזכה זיין די יידן, דערפאַר האָט ער פאַר זיי געמערט תורה און מצות.

אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתורה, — ס׳איז ניטאָ קיין פרייע־רער מענטש ווי דער, וואָס לערנט תורה.

בזבח ומנחה אינו מתכפר, אבל מתכפר בתורה (ראש השנה י״ח), — מיט קרבנות קאָן מען זיך ניט ריין־וואַשן פון זינד, אָבער מיט תורה־לערנען יאָ.

מרבה תורה מרבה חיים, — וואָס מער מען לערנט תורה, אַלץ מער פאַרלענגערט מען דאָס לעבן.

אין אַלע תקופות האָבן אונדזערע גייסטיקע מנהיגים געפּרעדיקט פאַר יידן צו לערנען תורה.

רבי עקיבא און רבי יוחנן בן זכאי האָבן דאָס געטאָן מיט זייערע ביישפּילן; די חכמי התלמוד, — מיט זייערע קלוגע און פּראַקטישע מאמרים און די חכמי אשכנז — מיט זייער תקנה צו זאָגן קדיש נאָך די עלטערן.

קאפיטל זיבן

# די מוזיקאלישע נוסחאות פון די קדשים

**נוסח פון רבנן קדיש, פון קדיש יתום, פון קדיש שליח צבור ביים דאווגען. צו־קבלת שבת, שבת פרי, צו ימים נוראים, צו נעילה, שמיני עצרת, תפלה גשם און אחרון של פסח. תפלת טל.**

---

## נוסח פון רבנן־קדיש.

דער נוסח פון רבנן־קדיש איז אן אייגנארטיקער. ער ווערט געזאגט קאלעקטיוו און בציבור, די טענער פון דעם נוסח זיינען ווי עלעקטרישע סיגנאלן, געווענדט צו די הימלען, זיי זיינען אינדעראמתן א הערלעכער הימן צו גאט. זיי דריקן־אויס מיט זיך א נאבל און הארציק געבעט ניט פאר דעם וואס זאגט קדיש, ניט אפילו פאר די ליבע און נאענטע, וואס זיינען געשטארבן, נאר — על ישראל, פאר אלע יידן, פאר זייערע רבנים מיט זייערע תלמידים און פאר די תלמידים פון די תלמידים זאל קומען אלדאס גוטס.

דער נגון איז הארציק ווי הארציק עס זיינען די געבעטן, דער ריטם פון דעם נוסח. ווען מען הערט אים פון דערווייטן, הערט מען די זעלבע קלאנגען און ריטם, ווי דאס וואלטן געווען די עלעקטרישע סיגנאלן פון א טעלעגראף־אפאראט.

אין דעם פאל איז עס א טעלעגראמע מיט תפילות, געווענדט צום פאטער אין די הימלען.

## נוסח פון קדיש יתום.

דער נוסח פון קדיש־יתום, וואס מען זאגט נאך עלינו, איז פיל מיט בענקשאפט צו די ליבע און טייערע, וואס זיינען שוין נישטא.

דער נגון דריקט אויס דעם גרויסן טרויער, דעם גרויסן ווייטיק, די אומבאהאָלפנקייט, די פאַרצווייפלונג און די עלנטקייט. מען טוליעט זיך צו די ווערטער פון קדיש ווי פריער צו די ליבע און טייערע, וואָס זיינען געשטאָרבן און מען באַנעצט די ווערטער פון קדיש מיט ביטערע טרערן.

דאָך פילט מען אין נוסח אַ פעסטן ריטם, וואָס דאָס איז אייגנטלעך רעזיגנאַציע און טרייסט צוזאַמען, וואָס באַרואיקט און הײלט דעם גרויסן ווייטיק און אַזוי ווי מען ווייסט, אַז מיטן זאָגן קדיש וועלן דאָך יענע ליבע און טייערע באַפרייט ווערן פון דער שטראָף פון גיהנום, ווערט דער טאָן זיכערער, דער ריטם פעסטער און מען פילט אַן אינערלעכע באַפרידיקונג, וואָס מען טוט עפּעס פּאָזיטיווס פאַר די ליבע און טייערע וואָס קאָנען זיך אַליין שוין ניט העלפן; מען טוט דאָס נויטיקסטע זיי צו באַפרייען פון די דינים פון גיהנום. דעריבער דערשטיקט מען אין זיך דעם צער, די בענקעניש און מען זאָגט פעסטער: יתגדל ויתקדש שמה רבא...

## נוסחאות פון די קדשים פון שליח־צבור.

די נגונים פון די קדשים, וואָס דער שליח־צבור זאָגט ביים דאַווענען, זיינען אַ מין פּרעלודיע, אַ מוזיקאַלישער אריינפיר צו די תפלות, צו וועלכע דער קדיש געהערט.

די נגונים זיינען אַזוי ברייט באַקאַנט צווישן די יידן, אַז זיי דער־קאָנען נאָכן ניגון פון קדיש, וואָס דער שליח־צבור זינגט, וואָס פאַר אַ יום־טוב עס איז, אויך צי עס איז שבת אָדער אינדערוואָכן.

אין שול צו קבלת־שבת טרעפט דער ייד די עננו השכינה, וואָס פילט אָן די שול מיט קדושה, און דורך דער צייט, וואָס ער געפינט זיך אין שול, אָטעמט ער די ריינע לופט, וואָס איז געלייטערט פון קדושה; זיין פּנים שיינט שבת׳דיק, באַשטראַלט פון דער שכינה, און פון גרויס באַ־גייסטערונג און אינערלעכער גייסטיקער פרייד, זינגט דער חזן אַ הימן צו גאָט, וואָס האָט געגעבן שבת צו די יידן. דאָס געזאַנג פילט אָן די שולן און בתי מדרשים מיט הייליקער שטימונג: זאָל געגרויסט און געהייליקט זיין גאָטס גרויסער נאָמען: יתגדל ויתקדש שמה רבא.

די נגונים צו די קדשים פון שליח־צבור פון שבת פרי ברענגען צום אויסדרוק די קדושת שבת צוזאַמען מיט מנוחת שבת און מנוחת הנפש פון דעם ייד.

עס פאַרשווינדן די וואָכעדיקע זאָרגן, די אַנטוישונגען, דער יאָך פון גלות; מען ווערט אַ בן־חורין, די שבת׳דיקע הלבשה וויקלט איין דעם יידן אין קדושת שבת; די הערלעכע שטימונג דריקט אויס דער שליח

צבור אין די פאַרשידענע קדשים, וואָס ער זאָגט ביים דאַווגען: צו ברכו, צו קריאת־התורה, צו מוסף און ביים סוף פון דאַווגען.
דער זעלבער נוסח באַלאַנגט אויך צו די קדשים פון שלש רגלים.

## דער נוסח פון קדיש צו ימים־נוראים.

דער נוסח פון קדיש צו סליחות איז אַ פּרעלודיע, אַן אַריינפיר צו די ימים־נוראים, און ער זאָגט אָן די יידן, אַז עס קומט דער יום־הדין און מען דאַרף תשובה טאָן. דערפאַר זינגט מען דעם קדיש מיטן זעלבן נגון ווי מען זינגט די קדשים צו די מוספים פון ראש־השנה און יום הכפורים.
דער נגון פון קדיש צו מעריב פון ראש השנה און יום הכפורים איז פול מיט יום־טובדיקייט און איז אַן אויסדרוק פון אמונה און בטחון, אַז אין דעם יום־הדין וועט גאָט מוחל זיין באַגאַנגענע עבירות און וועט אָנ־שרייבן אַ גוט און גליקלעך יאָר: לשנה טובה תכתבו ותחתמו.
דער ריטם פון דער נגינה איז אַ האָפערדיקער, דורכגעדרונגען פון קדושת יום־הדין און אהבת הבורא.

## דער ניגון פון קדיש צו מוסף פון ראש־השנה און יום־הכפורים.

פול מיט רעליגיעזן עקסטאַז און התלהבות איז דער נגון צו די קדשים פון די מוספים פון ראש השנה און יום כפור. ס'איז אַ רעזולטאַט פון דער אָנגעצויגענער רעליגיעזער שטימונג פון פאַרן דאַווגען מוסף.
דאָס האַרציקע זאָגן פון דעם בעל־תוקע די פסוקים פון קר"ע שט"ן; זיין וויינענדיקער מן המצר קראתי יה; זיין פאַרכליפּענדיקער „קולי



שמעת" און די אנדערע פסוקים פילן אָן די מתפּללים מיט אַ רעליגיעזן ציטער און מורא פאַרן יום־הדין.

דער הייליקער און פייערלעכער מאָמענט פון שופר־בלאָזן, ווען די שולן און בתי מדרשים זיינען אָנגעפילט מיט קדושה, ממש מיט די הענט אָנצוטאַפּן, דערפירט די מתפּללים צו אַזאַ צושטאַנד, אַז זיי ווערן ווי אויפגעלייזט,ווי אויסגעטאָן פון זיך; דאָס איז דער דערהויבענער מאָמענט, ווען זיי באַהעפטן זיך מיט דער שכינה.

דער שליח־צבור, באַאיינפלוסט פון דער דאָזיקער געהויבענער שטימונג, ווערט פאַרוואַנדלט אין דעם מאָמענט אין אַן עמוד־האש און מיט רעליגיעזער התלהבות זינגט ער אויס דעם יתגדל ויתקדש שמה רבה.

קדיש צו ימים נוראים, נוסח ספרד (מיטעלן מזרח)




## נוסח פון קדיש צו נעילה.

נעילה, פאַרשליסן, פאַרענדיקן די תּפלות און בקשות פון יום־כּפּור.

די נגינה פון דעם קדיש איז אַ פּרעלודיע צו די תּפלות פון נעילה, וואָס שליסן דעם יום־כּפּור.

דאָס איז אַ האַרץ־ און נשמה־אויסגוס פאַר גאָט פון די וואָס האָבן געפאַסט און תּפלה־געטאָן אַ גאַנצן מעת־לעת. דאָס איז אויך ווי אַ לעצטער פאַרצווייפלטער געשריי צום רבונו של עולם ביים געזעגענען זיך מיטן יום הכפורים און ווי אַ נאָך־געשריי ביים אוועקגייענדיקן טאָג, ער זאָל למען השם געדענקען דאָס געבעטענע, און אַ דערמאָנונג וואָס מען האָט פאַרגעסן צו זאָגן און בעטן.

היום יפנה, השמש יבא ויפנה, — אָט־אָט, דער טאָג גייט אַוועק, די זון גייט שוין אונטער, און ס'איז נאָך דאָ אַזויפיל צו בעטן! איז מען

קדיש צו נעילה נוסח אַשכנז




פאַרצווייפלט, טאָמער האָט מען עפּעס פאַרגעסן צו זאָגן, צו דערמאָנען. און דער נגון רעדט־אַרויס דאָס מיט וואָס דאָס האַרץ איז איבערפולט: מיר האָבן געטאָן דיין געבאָט: געפאַסט, זיך געפּלאָגט פיר און צוואַנ־ציק שעה, ווי דו האָסט געשריבן אין דיין תורה. איי! איי! איי! העלף אונדז, ווייל דו ביסט דער איינציקער, וואָס קאָן אונז העלפן.

## נוסח פון די קדשים צו גשם און טל.

אין ארץ־ישראל, ווען דער בית־המקדש איז געשטאַנען אויף זיין גע־העריקער הויף, האָט דער כהן גדול מתפלל געווען יום כפור פאָלגנדע קורצע תפלה, ווען ער איז בשלום אַרויס פון קדשי קדשים.

יהי רצון מלפניך, — עס זאָל זיין דער ווילן פאַר דיר, אונדזער גאָט און דער גאָט פון אונדזערע עלטערן, אַז דאָס יאָר, וואָס קומט אויף אונדז און אויף דיין פאָלק ישראל, זאָל זיין אַ יאָר פון ברכה, פון גזרות טובות, פון אַ סך קאָרן, ווייץ און בוימל; אַ יאָר פון פאַרגעניגן און גליק, אַ יאָר פון ביליקייט, אַ יאָר פון חיים טובים, אַ יאָר פון טוי און פון רעגן, אויב עס וועט זיין הייס, א. א. וו.

פון דעם זאַץ אין כהן גדולס תפלה: „שנת טלולה וגשומה אם שחונה", — אַ יאָר פון טוי און פון רעגן, אויב עס וועט זיין הייס, האָבן די חכמים מתקן געווען להזכיר גבורות הגשם, צו דערמאָנען די גבורות, די וויכטיקייט פון רעגן, צו זאָגן ביים דאַוונען אין שמונה עשרה: „משיב הרוח ומוריד הגשם", די זעקס מאָנאַטן, פון שמיני עצרת ביז דעם ערשטן טאָג פּסח, און די זעקס מאָנאַטן פון דעם ערשטן טאָג פּסח, ביז שמיני עצרת, משיב הרוח ומוריד הטל.

אין די לעצטע צייטן פון די גאונים האָט מען מתקן געווען צו זאָגן באַשטימטע פּיוטים (רעליגיעזע פּאָעזיעס) וועגן טל און גשם צו די מוספים פון שמיני עצרת און ערשטן טאָג פּסח, אונטערן נאָמען: תפלת טל און תפלת גשם.

די נגינה צו די דערמאָנטע קדשים איז אַ ריינער גלות־פּראָדוקט און שפּיגלט אָפּ דעם געמיט־צושטאַנד פון די יידן אין אייראָפּע, ווען עס קומט אָן דער בייזער ווינטער מיט די שווערע זאָרגן פון קליידונג, שפּייז און הייצונג, און אויך, ווען עס קומט אָן דער זומער מיט זיינע זאָרגן. פון אָנפאַנג פילט מען אין דער נגינה די שטימונג פון איינעם, וואָס איז ווי באַהערשט פון צווייפל; ער וויל זיך באַפרייען פון דעם צווייפל און אָנהאַלטן זיך פעסטער און בעסער אין אמונה און בטחון. און איידער מען הויבט אָן צו זינגען קדיש, מאַכט מען אַ באַוועגונג מיט טענער, אַראָפּצושאָקלען פון געמיט דעם צווייפל. דאָס דריקט אויס דייט־לעך די נגינה, וואָס באַגלייט די ווערטער: יתגדל... ויתקדש... ביי שמה

### קדיש צו טל אין גשם — נוסח אשכנז




רבא כאַפּט מען זיך אָן אין אמונה און בטחון. ביי די ווערטער „בעלמא די־ברא כרעותה, וימליך מלכותה" פילט מען אַן אינערלעכע באַרואיקונג, אַ רעזיגנאַציע. און ביי „ויקרב משיחה" ווערט מען באַהערשט פון יידישן שטאָלץ מיטן ביאת המשיח, און אַזוי חזרט זיך איבער די מעלאָדיע ביז ענדע קדיש. דער עולם זינגט מיט מיטן שליח־צבור.

קאַפּיטל אַכט.

# הזכרת נשמות

**תפלות פאַר מתים, מתים דאַרפן אויך כפרה. יהודה המכבי און זיינע סאָלדאַטן געפאַלענע אין שלאַכט. קהלשע פנקסים. דער נוסח פון יזכר. דער מנהג צו זאָגן אב הרחמים אין די שולן שבת נאָכן לייענען. פאַרוואָס זיינען מחויב קינדער צו זאָגן יזכר נאָך זייערע עלטערן. די וויכטיקייט פון צדקה ביי יידן. נוסח אל מלא רחמים. אָנווייזונג פאַר חזנים וועגן נוסח אל מלא רחמים. נוסח אב הרחמים.**

---

אויסער דעם, וואָס מען זאָגט קדיש על המת אויפן בית־הקברות און יתומים זאָגן קדיש נאָך די עלטערן די ערשטע עלף מאָנאַטן נאָך זייער טויט און אַלע יאָר צום יאָרצייט, איז מען זיך נוהג אין אַלע יידישע קהלות פון אייראָפּע מתפלל זיין פאַר מתים אין די טעג פון יום הכפורים, שמיני עצרת, אחרון של פּסח און דעם צווייטן טאָג שבועות, נאָך קריאת התורה. היות מתים דאַרפן אויך האָבן כפרה, בעט מען פאַר זיי: יזכור אלוהים את נשמת... שהלך לעולמו. בעבור שאני נודר צדקה בעדו, — גאָט זאָל דערמאָנען די נשמה... וואָס איז אַוועק צו זיין וועלט, ווייל איך בין מנדר צדקה פאַר אים, א. א. וו. און דערפאַר זאָל זיין נשמה רוען אין גן־עדן צוזאַמען מיט די נשמות פון די אבות.

דער געדאַנק, אַז מען זאָל מתפלל זיין פאַר מתים און געבן צדקה פאַר זיי, געפינט זיך אין ספרי, און ווערט אַרויסגעדרונגען פון דעם פּסוק (ביי עגלה ערופה) „כפר לעמך ישראל אשר פדית" (דברים, כ"א, ה'); כפר לעמך, זאָלסט מכפר זיין צו דיין פאָלק, דאָס מיינט מען צו די לעבעדיקע, אשר פדית, וואָס דו האָסט אויסגעלייזט, דאָס מיינט די טויטע. און אַזוי ווי דער פּסוק זאָגט, כפר אין אַלגעמיין, איז פון דאַנען גע־

דרונגען, אַז מתים דאַרפֿן נאָך אויך האָבן כּפּרה אויף זייערע באַגאַנגענע זינד. און אַזוי ווי לא המתים יהללו יה, — טויטע קאָנען ניט לויבן גאָט, מוזן עס טאָן די נאָענטע קרובים זייערע, צעטיילן צדקה פֿאַר זיי און מתפּלל זיין צו גאָט, אַז זייערע נשמות זאָלן רוען אין גן־עדן.

## יהודה המכבי און זיינע סאָלדאַטן, געפֿאַלענע אין שלאַכט.

אין ספר חשמונאים ב׳ ווערט דערציילט, אַז אין איינער שלאַכטן, וואָס יהודה המכבי האָט געפֿירט מיטן סיריש־גריכישן מיליטער, האָט מען נאָך איינער אַזאַ שלאַכט געפֿונען אין די קליידער פֿון די יידישע קעמפֿער, וואָס זיינען געפֿאַלן אין קאַמף, גריכישע געטשקעלעך. ווען יהודה המכבי האָט זיך פֿון דעם דערוואוסט, האָט ער צוזאַמענגעקליבן ביים פֿאָלק טויזנט דראַכמעס, און האָט זיי אַוועקגעשיקט קיין ירושלים, מען זאָל פֿאַרן דאָזיקן געלט מקריב זיין קרבנות, בכדי ס׳זאָלן פֿאַרגעבן ווערן די זינד פֿון די געפֿאַלענע קעמפֿער, ווייל אויך מתים דאַרפֿן כּפּרה אויף זייערע זינד.

## דער מנהג פֿון הזכרת נשמות.

דער מנהג פֿון הזכרת נשמות אין די שולן שטאַמט פֿון די צייטן פֿון די קרייצצוגן, לערך פֿון יאָר 1253. אין יענעם יאָר זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן טויזנטער יידן. אַ סך יידן זיינען פֿאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט על קדוש השם. די לעבנגעבליבענע יידן פֿון די חרוב־געוואָרענע שטעט האָבן אַריינגעשריבן די נעמען פֿון די מאַרטירער אין די קהלשע פּנקסים, כּדי עס זאָל בלייבן לזכרון עולם; מ׳האָט אויך מתקן געווען צו דערמאָנען די קדושים וטהורים אין ימים טובים נאָך קריאת התורה אין די שולן און בתי מדרשים.

דער נוסח פֿון יענעם יזכור איז: יזכור אלהים את נשמות... גאָט זאָל געדענקען די נשמות פֿון... בעבור שכל הקהל, ווייל דער גאַנצער קהל האָט זיך פֿאַרפֿליכטעט צו געבן צדקה פֿאַרן דערמאָנען זייערע נשמות. ובשכר זה תהא נשמתיהם צרורה בצרור החיים, — און דערפֿאַר זאָלן זייערע נשמות זיין פֿאַרבונדן אינעם בונד פֿון לעבן.

פֿון אָט־דעם מנהג צו דערמאָנען אין די שולן ביים דאַווענען די יעניקע, וואָס זיינען געשטאָרבן על קידוש־השם אין יענע אומגליקלעכע צייטן פֿאַר די יידן, האָט זיך שפּעטער פֿאַרשפּרייט דער מנהג צו זאָגן יזכור אויך אין די שולן און בתי מדרשים אין די טעג פֿון יום הכּפּורים, שמיני עצרת, אחרון של פּסח און דעם צווייטן טאָג שבועות, נאָך עלטערן, קינדער, זיידעס, באָבעס און נאָענטע פֿריינט. די ספֿרדים האָבן ניט אָנגענומען דעם דאָזיקן מנהג.

## תפילת אב הרחמים.

די תפלה „אב הרחמים" איז א קאלעקטיווער הזכרת נשמות, וואס נעמט ארום די מארטירער פון אלע יידישע קהלות, פון אלע צייטן און פון אלע לענדער.

געשאפן די תפלה „אב הרחמים" האט מען דערפאר, ווייל דורך דער צייט פון יידישן וואנדערן פון לאנד צו לאנד און איבערהויפט פון די אפטע פאגראמען און חורבן פון יידישע קהלות זיינען פארלארן געגאנגען די פנקסים פון די קהלות, וואו עס זיינען פארצייכנט געווען די נעמען פון די מקדשי השם. חוץ דעם איז צוגעקומען א גרויסע צאל מקדשי השם פון נייע חרוב־געווארענע קהלות, וואס מען האט ניט באוויזן צו פאראייביקן זייערע נעמען אין די קהלשע פנקסים, האט מען דערפאר מתקן געווען צו זאגן די תפילה „אב הרחמים" אין די שולן און בתי מדרשים אלע שבתים און אויך אין די דערמאנטע ימים טובים, — אן אזכרה פאר אלע הייליקע קהלות, וואס זיינען אומגעקומען על קדוש השם. הוא יפקד ברחמים, החסידים, והישרים והתמימים: קהלות הקודש שמסרו נפשם על קדוש השם... יזכרם, אלהנו, לטובה עם שאר צדיקי עולם, — גאט זאל דערמאנען מיט רחמים, די חסידים, ישרים און תמימים, די הייליקע קהלות, וואס זיינען אומגעקומען על קדוש השם. אונדזער גאט זאל זיי געדענקען צום גוטן מיט די אלע צדיקים פון דער וועלט. וינקום לעינינו, נקמת דם עבדיו השפך, — און זאל פאר אונדזערע אויגן נקמה נעמען פאר דעם פארגאסענעם בלוט פון זיינע קנעכט*).

## פארוואס קינדער זאגן יזכור נאך זייערע עלטערן.

דער מאטיוו, פארוואס מען האט מתקן געווען, אז קינדער זאלן זאגן יזכור נאך זייערע עלטערן, איז כמעט דער זעלבער, פארוואס מען האט מתקן געווען, אז קינדער זאלן זאגן קדיש נאך זייערע עלטערן. און דאס איז, צו ברענגען גוטס פאר די טויטע עלטערן, פארגרינגערן זיי די יסורים פון גיהנום אדער באפרייען זיי לגמרי פון דארט. און נאך עפעס:

*) די תפלה „אב הרחמים", וואס דערמאנט די טויזנטער יידישע מארטירער פון דורות, וואס האבן זיך מקריב געווען על קדוש השם, ווערט אין אלגעמיין ניט געהעריק אפגעשאצט פון די מתפללים. מען כאפט עס אפ שנעל און מען פארטראכט זיך ניט, וואס עס באדייטן די ווערטער „קהלות הקדש, שמסרו נפשם על קדושת השם"; און אז דאס איז א הזכרת נשמות פאר יענע, וואס האבן געוואוסט ווי צו לעבן און אויך ווי צו שטארבן פאר זייער גאט, פאר זייער אמונה און פאלק. מעגלעך, אז מיט א געהעריקער אויפקלערונג מצד די גייסטיקע מנהיגים פון די שולן וועגן דעם באדייט פון אט־דער תפלה, וואלטן עס די מתפללים בעסער פארשטאנען און בעסער אין אכט גענומען און ניט אזוי לייכט און שנעל עס אפגעכאפט.

צוליב די ניט אויסגעלעבטע יאָרן פון די ליבע און טייערע, וועלכע זיי־נען געשטאָרבן פאַר דער צייט, זיינען זיי געבליבן גרויסע בעלי־חובות: זיי האָבן ניט דערזאָגט די תהלות ותשבחות צו גאָט; ניט דערלערנט די תורה, וואָס א ייד איז מחויב צו לערנען; ניט געגעבן די גאַנצע צדקה פאַר קהל און פאַר אָרעמע לייט... דאָס לעבן זייערס האָט זיך צו־פרי אויסגעלאָשן... דאַרפן די קינדער און די נאָענטע פריינט באַצאָלן די חו־בות. און היות: לא המתים יהללו יה, — טויטע קאָנען ניט צאָלן זייערע חובות, לערנט מען פאַר זיי א פרק משניות, א בלאַט גמרא, אָדער מען זאָגט א קאַפּיטל תהלים; מען זאָגט אויך פאַר זיי קדיש, וואָס דאָס איז די עסענץ פון לויבן און הייליקן גאָטס נאָמען; מען טיילט פאַר זיי צדקה, בעבור שנדר, איז מען מתפלל פאַר זיי פיר מאָל אין יאָר מיט דער תפלה יזכור און אפילו ביים יאָרצייט נעמט מען א „לחיים" און מען ווינשט דער נשמה אַן עליה.

דאָס איז דער ריכטיקער מאָטיוו, פאַרוואָס קינדער זאָגן די תפלה יזכור נאָך זייערע עלטערן.

## די וויכטיקייט פון צדקה ביי יידן.

צדקה איז איינע פון די יסודות פון יידנטום. צדקה, זאָגט די גמרא, איז גרעסער ווי קרבנות (סוכה י"ט).

ירושלים וועט אויסגעלייזט ווערן נאָר דורך צדקה (שבת קל"ח); צדקה תציל ממות (משלי י"ג).

האָט זיך ביי יידן צעוואַקסן און עס איז פאַרשפּרייט געוואָרן דאָס געבן צדקה. ביי אַלע געלעגנהייטן האָט א ייד געגעבן צדקה. אין יעדער שול אָדער בית־המדרש זיינען געהאנגען פּושקעס פאַר צדקה; אויף יע־דער פּושקע איז געווען אָנגעשריבן, אויף וואָס פאַר א צוועק די צדקה גייט: פאַר תלמוד תורה, גמילות חסדים, הכנסת אורחים, קופּת רב מאיר בעל נס, פאַר ישיבות, מתן בסתר, ווען יידן האָבן געגעבן געלט, אַז מען זאָל נישט ווייסן ווער עס האָט געגעבן, וואָס דאָס איז, אגב, איינע פון די שענסטע מדות טובות ביי יידן, בקור חולים, הכנסת כלה און אַנדערע.

אויך ביים דערמאָנען די טויטע, סיי ביי זאָגן יזכור אָדער ביים זינגען „אל מלא רחמים", האָט מען מנדר געווען צדקה פאַר דערמאָנען זייערע נשמות.

## דער נוסח פון זאָגן יזכור

זאָגן יזכור איז אַן עלעגיע מיט ווערטער; יעדערער, וואָס זאָגט יזכור, באַוויינט פונדאַסני זיינע ליבע און טייערע, וואָס זיינען געשטאָרבן. הערט מען דערביי דעם טראַדיציאָנעלן געוויין מיטן טראַדיציאָנעלן נגון.

אגב ווײנט מען זיך אויס ביי דער געלעגנהייט און מ׳ברענגט־ארויס אלע פערזענלעכע שווערע איבערלעבונגען, וואס דריקן דאס הארץ. איז דאך די שול דער מקום קדוש, וואו יידישע טרערן ווערן אנגענומען. שעמט מען זיך ניט אין שול צו וויינען אויפן קול. ווערט צוזאמענגעגאסן דאס געוויין פון די מתפללים אין איין גאנצקייט; ווערט פון דעם דער נוסח פון זאגן יזכור.

## נוסח פון אל מלא רחמים.

אן אנדער פארם פון הזכרת נשמה איז דער „אל מלא רחמים" אדער ווי מען רופט עס סתם: „מלא".

אין דער תפלה „אל מלא רחמים", בעט מען פאר דער געהעריקער רו אונטער די פליגל פון דער שכינה. פאר דעם, שהלך לעולמו, וואס איז אוועק פון אונדזער וועלט אויף דער אנדערער וועלט און מען האט מנדר געווען צדקה פאר דערמאנען זיין נשמה, אין גן־עדן זאל זיין זיין רו.

די תפלה „אל מלא רחמים" ווערט על פי רוב געזונגען פון א חזן, א בעל תפלה אדער פון סתם א ייד. זי ווערט געזונגען אין די שטובן, וואו דער מת געפינט זיך, אויפן בית־הקברות, אין די שולן ביי א יארצייט און אין די פיר ימים־טובים, ווען מען איז מזכיר נשמות; ביי גרויסע הזכרות־פארזאמלונגען פאר גרויסע פערזענלעכקייטן אין די שולן, טעמפלען און סאלאנען, אויך פאר גאנצע קהלות, וואס זיינען חרוב געווארן. דאס איז א באוועגלעכע תפלה פאר מתים.

דער נוסח איז א טרויעריקער, פול מיט רעזיגנאציע און הארציקן געבעט צו גאט.

דער טאן איז א מיטלמעסיקער און ער ווערט עקזאלטירט ביי די ווערטער: „את נשמת" און „בגן עדן". דער נגון איז צוגעפאסט צום אינהאלט און צום געמיט־צושטאנד פון די אבלים.

## דער נוסח פון „אב הרחמים".

דער נוסח פון „אב הרחמים" איז א צוזאמענגוס פון ימים נוראימדיקן נוסח, אהבה־רבה־גוסט און אל מלא־נוסח. ס׳איז אויך צו דער זעלבער צייט א פריי פעלד פאר אימפראוויזאציע און אינטערפרעטאציע פאר חזנים.

די פסוקים, פון וועלכע דער אב הרחמים איז צוזאמענגעשטעלט, גיט דעם חזן א מעגלעכקייט זיך אויסצודריקן מוזיקאליש, ליריש און דראמא־טיש. ביים אינטערפרעטירן זיין אינהאלט, קאן ער דערגרייכן ביזן העכסטן שטאפל פון קונסט. מיט זיין פארשטעלונגס־קראפט און פאנטאזיע קאן

דער חזן ביים זאָגן דעם „אב הרחמים", דורכשוועבן דעם גאַנצן יידישן צער און צאָרן פון ביטערן צוויי טויזנט יאָריקן גלות. און ברענגען עס צום אויסדרוק. און צו דער זעלבער צייט ברענגען צו די מתפללים טרייסט און האָפענונג, אמונה און בטחון. „כי לא שכח צעקת ענוים", — גאָט האָט ניט פאַרגעסן די געשרייען פון די געפּלאָגטע, און, „ידין בגוים", — ער וועט משפטן די פעלקער, וואָס האָבן די יידן געמאַכט אַזוי פיל ליידן...

## אָנמערקונג פאַר חזנים.

דער חזן מוז זיך האַלטן שטרענג ביים אָנגענומענעם נוסח פון זינ־גען „אל מלא רחמים"; מען מוז זיך האַלטן קאָרעקט, אויסמיידן דאָס פּראָווען חזנות דורכן מאַכן וואַריאַציעס אין דעם נוסח אָדער דורך נוצן פאַלסעט, און אַזוי אַרום פאַרציען צו לאַנג דאָס זינגען. ער דאַרף וויסן, אַז דער מאָמענט און די אַלגעמיינע שטימונג איז ניט צו הערן חזנות, און זיין וועלן זיך אויספּיינען אַלס חזן וועט זיין כשר בשירים על לב רע, ווי איינער, וואָס צעזינגט זיך פאַר אַ פאַרביטערט האַרץ... עס וועט זיך באַקומען אַ פאַרקערטע ווירקונג.

דאָס זינגען קאָרעקט די תפלה „אל מלא רחמים" פּאַסט זיך אַריין אין געמיט־צושטאַנד פון די אבלים און מען צעעפנט אַזוי אַרום ביי זיי דעם קוואַל פון טרערן, העלפנדיק זיי זיך אויסוויינען און פאַרלייכטערן זייער גרויסן טרויער.

קאַפּיטל ניין.

# נוסחאות התפלה פון ימים נוראים

**שטעל נגונים: המלך. די ערשטע ברכות פון שמונה עשרי צו שחרית און מוסף. די נגינות פון קריאת התורה ראש השנה און יום הכפורים, פון וואַנען עס קומט דער וואָרט מוסף. מלכיות, זכרונות, שופרות. היום תאמצנו.**

---

ש ט ע ל - נ י ג ו נ י ם . — געשטעלטע קאָנאָניזירטע ניגונים אָן ווערטער צו צעזינגען זיך, איידער מען הויבט אָן צו זינגען די געשטעלטע תפלות. דאָס איז אַ פּרעלודיע, אַ מוזיקאַלישער אַריינפיר צו ימים נוראים־דיקע תפלות. מען צעזינגט זיך, כדי צו דערגרייכן התפעלות און מיט דעם געהעריקן רעליגיעזן עקסטאַז צו זינגען די תפלות, ווי אויך צו שאַפן מיט דעם די געהעריקע ימים נוראים׳דיקע שטימונג אין שול ביי די מתפללים. די דערמאָנטע נגונים זיינען געשאַפן געוואָרן פון שטאַרק רע־ליגיעזע חזנים און בעלי־תפלות פון גאָר אַלטע צייטן און זיי דריקן אויס אהבת הבורא, רעליגיעזע התפעלות און די מורא פאַרן יום הדין. זיי ווערן געזונגען נאָר ביי די תפלות, צו וועלכע מען מוז זיך פאַרטיפן און דערביי האָבן הויכע כוונות (צעזינגענדיק זיך מיט התלהבות, דערגרייכט מען עס) אַזעלכע ווי פאַר „המלך״ צו שחרית ראש השנה און יום הכפורים, פאַר אבות און שמונה עשרה און פאַרן פאַלן כורעים. אָט די ניגונים זיינען אָנגענומען געוואָרן כמעט ביי אַלע יידישע קהלות פון אייראָפּע און זיי־נען אַריבער אין די אַמעריקאַנער לענדער אונטערן נאָמען „שטעל״, און זיי ווערן אָפּגעהיט פון די חזנים און בעלי־תפלות ווי אַלע אַנדערע נוסחאות התפלה.

## די ספּעציעלע נגינה פון קריאת התורה אין די טעג פון ראש־השנה און יום־כפּור

די טראָפּ־פיגורן פון תורה ווייזן אין אַלגעמיין אָן, ווי צוזאַמענצו־שמעלצן וואָרט מיט קלאַנג כּדי אויסצודריקן דעם ריכטיקן אינהאַלט פון די פראַזעס; אויך וואו אָנצופאַנגען און וואו אָפּצושטעלן זיך.

אין די טעג פון ראש השנה און יום כּפּור אַנטשפּרעכן אויך די טראָפּ־פיגורן מיט זייער נגינה דעם געמיט־צושטאַנד פון די מתפּללים. אין די הייליקע טעג, עס באַקומט זיך דערמיט אַ ימים נוראים'דיקע וואַריאַ־ציע, וואָס שאַפט אין שול די געהעריקע רעליגיעזע שטימונג פון יום־הדין.

דורכן צוזאַמענשמעלצן וואָרט מיט קלאַנג, איינגעהילט אין געמיט־צושטאַנד פון די ימים־נוראים, האָט זיך געשאַפן אַ ספּעציעלער נגון פאַר קריאת־התורה פון ימים נוראים, אין וועלכן עס געפינען זיך אַ סך טרויעריקע תנועות פון איוב (זע ווייטער).

די ברכה, וואָס דער עולה לתורה מאַכט, איז אויך פול מיט רעלי־גיעזן ציטער, אהבת הבורא און קדושת יום הדין, פּונקט אַזוי ווי דאָס לייענען אין דער תורה. אַלעס איז איינגעוויקלט אינעם וואָלקן פון קדושה און מורא פאַרן יום הדין.

### נוסח פון מוסף אין ראש השנה.

מ ו ס ף, — אַ צ ו ג אָ ב ־ ת פ ל ה.

אין בית המקדש האָט מען מקריב געווען אין די טעג פון שבת, ראש חודש, שלש רגלים, ראש השנה און יום הכּפּורים אַ קרבן־מוסף, אַ צוגאָב־קרבן. און כּדי דער מנהג פון קרבן־מוסף פון בית־המקדש זאָל ניט פאַר־געסן ווערן אין גלות, האָבן די אנשי כּנסת הגדולה מתקן געווען פאַר די דערמאָנטע טעג, אַ צוגאָב־תּפלה אונטערן נאָמען מוסף, אַ צוגאָב־תּפלה, אנשטאָט יענע קרבנות.

אין תפלת מוסף פון ראש השנה האָט מען אין דער צייט פון גלות אריינגענומען אַ סך פּיוטים (רעליגיעזע פּאָעזיע), צו זינגען און צו זאָגן, כּדי יידן זאָלן זיך געפינען וואָס מער צייט אין די שולן אין בתי־מדרשים אין די ימים־נוראים־טעג. די צונויפגעזאַמלטע פּיוטים זיינען געוואָרן אַ קאָלאָסאַלער מאַטעריאַל פאַר חזנים און כאָר־דיריגענטן, צו זינגען און צו זאָגן. דאָס איז אַ גייסטיק־רייכער מאַטעריאַל, וואָס גיט די מעגלעכ־קייטן חזנים און כאָר־דיריגענטן זיך צו אינספּירירן און שאַפן וואונדער־באַרע רעליגיעזע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס און אַזוי אַרום צו פאַר־וואַנדלען די שולן אין די ימים־נוראים־טעג אין טעמפּלען פון הויכער מוזיקאַלישער קונסט און מיט דעם פאַרשאַפן גייסטיקן געניס און עונג

יום טוב די מתפּללים פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס זיי געפינען זיך אין שול.

דער מוסף פון ראש השנה איז איינגעטיילט אין דריי טיילן: מלכיות, זכרונות און שופרות. צו יעדער טייל איז דאָ מקדמונים אַ באַשטימטער נוסח אין דער געשטאַלט פון וואונדערבאַרע געזאַנגען, געשאַפן פון די שטאַרק־רעליגיעז־געשטימטע גרויסע חזנים פון די גאָר אַלטע צייטן, און אויך פון די באַרימטע חזנים פון דער לעצטער צייט, ווי: ניסן בעלזער, זיידל ראָוונער, ליליענטאַל, קאַלעכניק און אַנדערע, ווי אויך פון די מאָדערנע חזנים, אַזעלכע, ווי: זעלצער, לעוואַנדאָווסקי, בירענבוים א. אַנד. ס'זיינען פאַראַן אַ סך ימים־נוראים'דיקע קאָמפּאָזיציעס, וואָס קאָנען דינען אַלס מוסטער ווי צו קאָמבינירן די קאָמפּאָזיציעס לויט דער מאָדערנער צייט און מוזיקאַלישן פּראָגרעס, פון די אויבנדערמאָנטע טיילן פון ראש־השנהדיקן מוסף.

די נייע שאַפונגען מוזן זיין געבויט אויף דעם אַלטן אָנגענומענעם ימים־נוראימדיקן נוסח, כדי עס זאָל אָנהאַלטן די הייליקע שטימונג פון ראש־השנה. די נגינה דאַרף האַרמאָנירן מיט דער שטימונג און אינהאַלט פון דעם יום־טוב.

## היום תאמצנו.

„היום תאמצנו", איז די פינאַל־תפלה פון ראש־השנה־ און יום־כפורדיקן מוסף. זי ווערט געזונגען פון חזן און כאָר אין אַ פריילעכן טעמפּאָ, כדי צו פאַרטרייבן די מרה־שחורה און פּחד פאַרן יום־הדין, וואָס האָט געהאַלטן די מתפּללים געשפּאַנט אַ גאַנצן טאָג, און אַריינצוברענגען פרייד און יום־טובדיקייט אין דער שטימונג פון יעדן מתפּלל, כדי זיי זאָלן קומען אַהיים מיט אַ פריילעך האַרץ און דערהויבענעם געמיט, און מיט אָט־דער גוטער און פריילעכער שטימונג אָנפילן די היים מיט יום־טובדיקייט, מיט רואיקייט, מיט בטחון, אַז גאָט האָט געהערט זייער געבעט און וועט אַלעמען אָנשרייבן אַ גוט און גליקלעך יאָר.

קאַפּיטל צען.

# יום כּפּורדיקע תּפלות

**תפלת כל נדרי, די שפּראַך פון כל נדרי, דער אינהאַלט פון כל נדרי. דער נוסח פון כל נדרי אין סדור רב עמרם גאון. די מיינונג פון רב ניטראי גאון וועגן כל נדרי. די שטעלע פון רב האי גאון וועגן כל נדרי. די וואָרענונג פון די גאונים פון בבל ניט צו זאָגן כל נדרי. קהלות, וואו מען זאָגט ניט כל נדרי. נוסח כל נדרי פון רבינו תם, תקון רב מאיר בן ברוך מרוטענבערג. די צערעמאָניע פון זאָגן כל נדרי. די שלעכטע קאָנסעקווענצן פון זאָגן כל נדרי. דאָס וועלן אויס־וואָרצלען דעם מנהג פון צו זאָגן כל נדרי, די אַנטשטייאונג פון כל נדרי, דער מוזיקאַלישער נוסח פון כל נדרי. די אנוסים פון שפּאַניע.**

---

כל נדרי איז אַ דערקלערונג מבטל צו זיין די נדרים ערב יום כּפּור פאַרן דאַווענען מעריב. ער ווערט געזאָגט אין שול ביי אַ פייערלעכער שטימונג, פון חזן אָדער בעל־תפלה, דריי מאָל נאָכאַנאַנד, כדי די, וואָס פאַרשפּעטיקן צו קומען אין שול, זאָלן אים אויך הערן.

דער אינהאַלט פון כל נדרי איז פאָלגנדער: מיר האָבן חרטה אויף אַלע נדרים, אַלע איסורים, אַלע שבועות, אַלע חרמות, וואָס מיר וועלן נעמען אויף זיך פון היינטיקן יום כּפּור ביז דעם יום כּפּור, וואָס וועט קומען איבעראַיאָר און מיר ווילן, אַז זיי זאָלן ווערן בטל. מיר דערקלערן, אַז אונדזער נדר זאָל קיין נדר ניט זיין, אונדזער איסור זאָל קיין איסור ניט זיין און אונדזער שבועה זאָל קיין שבועה ניט זיין.

אָט־דאָס איז דער קיצור פון כל נדרי אין דעם יידישן אויסטייטש.

די שפּראַך פון כל נדרי איז אַ געמיש פון אַראַמעאיש און העברע־

איש, די פּאָלקס־שפּראַך, וואָס יידן האָבן גערעדט אין בבל ביז נאָך דער צייט פון די גאונים, לערך ביז דעם 12־טן יאָרהונדערט פון דער נייער צייט־רעכענונג. לויט דער שפּראַך איז כל נדרי געשאַפן געוואָרן אין בבל.

דער אינהאַלט פון כל נדרי גלייכט זיך צום אינהאַלט פון התרת נדרים, וואָס יידן זיינען זיך נוהג צו זאָגן ערב ראש השנה און ערב יום הכפורים.

דער ענין פון התרת נדרים איז געבויט אויף אַ מאמר חז״ל. די גמרא זאָגט, אין מסכת נדרים כ״ג: „הרוצה שלא יתקיימו נדרותיו, — דער, וואָס וויל, אַז זיינע נדרים זאָלן ניט דערפילט ווערן, זאָל ער זאָגן ראש־השנה: אַז אַלע נדרים, צו וועלכע ער וועט זיך פאַרפליכטן במשך דעם יאָר, זאָלן זיין בטל. „ויאמר: כל נדר שאני עתיד לידור, יהא בטל״.

אין סידור פון רב עמרם גאון איז פאַראַן דער כל נדרי אין דער העברעאישער שפּראַך ,מיט פאָלגענדן נוסח: „כל נדרים, ואיסורים, ושבועות, וקיומין, וחרמין, שנדרנו, ושאסרנו, ושחרמנו, ושנשבענו, ושקיימנו על נפשנו השבועה. מיום כפור שעבר עד ערב יום הכפורים הזה, הבא עלינו, בכולם חזרנו, ובאנו לפניך אבינו שבשמים, אם נדר נדרנו, אין כאן נדר... ויש כאן מחילה וסליחה וכפרה״.

דער נוסח פון רב עמרם גאון איז פון אַ שפּעטערער צייט ווי דער נוסח, וואָס מען זאָגט היינט צו טאָג. ס׳איז אויך אַנדערשדיק דער נוסח פון כל נדרי, וואָס מען זאָגט אין ארץ־ישראל, פון דעם, וואָס מען זאָגט אין בבל.

## די מיינונגען פון אייניקע גאונים וועגן זאָגן כל נדרי.

רב ניטראי גאון, ראש־ישיבה פון סורא (געלעבט אין 9טן יאָרהונדערט נ. ק.), זאָגט: מיר פירן זיך אין ביידע ישיבות, סורא און פומבדיתא, ווי אויך אין גאַנץ בבל, נישט צו זאָגן כל נדרי; אָבער מיר האָבן געהערט, אַז אין אַנדערע לענדער זאָגט מען יאָ כל נדרי. מיר האָבן עס ניט געהערט און ניט געזען פון אונדזער לערער. רב האי גאון, וואָס האָט פאַרנומען די שטעלע פון גאון אין דער ישיבה פון פומבדיתא, אין יאָר 1038 נ. ק., זאָגט אויך: „מיר זיינען ניט מתיר נדרים עו״ב יום כפור, ווייל אונדזערע לערער האָבן עס קיין מאָל נישט געטאָן. איך ראָט אייך דאָס אויך ניט צו טאָן און ניט איבעראַנדערשן דעם מנהג פון די צוויי ישיבות״.

אַ ספּעציעלע וואָרענונג פון די גאונים פון בבל, ניט צו זאָגן כל־נדרי איז געווען צוליב די עם־הארצים, וועלכע וועלן צוליב דעם זאָגן כל־נדרי

גרינגשעצן זייערע נדרים, שבועות און חרמות, צו וועלכע זיי וועלן זיך פאַרפליכטן לגבי זייערע מיטמענטשן...

רבנו תם, וועלכער האָט געלעבט אין 12טן יאָרהונדערט, האָט געביטן אייניקע זאַצן פון כל־נדרי. אַנשטאָט דעם, וואָס מען פלעגט זאָגן: אַלע שבועות, חרמות, איסורים, וואָס מיר האָבן געשוואוירן", אָדער מיר האָבן געטאָן, זאָל מען זאָגן: „וואָס מיר וועלן שווערן און וועלן אַ נדר טאָן, זאָלן פון איצט בטל ווערן". דאָס איז טאַקע דער נוסח, וואָס מען זאָגט איצט.

## קהלות, וואָס זאָגן ניט כל נדרי

אַ סך קהלות פון שפּאַניע, פראַנקרייך, נאָרד־אַפריקע און אַנדערע, זאָגן כלל ניט כל־נדרי.

## תיקון מהר"ם (ר' מאיר בן ברוך מרוטענבערג)

אין 13טן יאָרהונדערט האָט דער מהר"ם מתקן געווען צו זאָגן פאַר כל־נדרי: „על דעת המקום ועל דעת הקהל, בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה אנו מתירים להתפלל עם העבריינים", — מיט דער איינשטימי־קייט פון גאָט און מיט דער איינשטימיקייט פון קהל דערלויבן מיר צו דאַוונען מיט די זינדיקע. דאָס איז עס טאַקע, וואָס מען זאָגט היינט צו טאָג אין אַלע קהלות.

## די צערעמאָניע פון זאָגן כל נדרי.

דאָס זאָגן כל־נדרי קומט פאַר זייער פייערלעך. די שול איז באַלויכטן מיט אַ סך ליכט. ניט ווייט פון טיר שטייט אַ קאַסטן מיט זאַמד, וואו עס ברענען אַ סך נשמה־ליכט, וואָס יעדער מתפלל האָט דאָרט אָנגעצונדן פאַר די נשמות פון זיינע נאָענטע. די שול איז געפּאַקט מיט דאַוונער, אַלע אָנ־געטאָן יום־טובדיק. עס הערשט אַ הייליקע שטילקייט. די גאַנצע סביבה איז אָנגעפילט מיט קדושת יום הקדוש והטהור. דער עולם איז אין רעלי־גיעזער דערוואַרטונג. ווער עס זאָגט אַ קאַפּיטל תהלים, ווער עס זאָגט די

*) תיקון מהר"ם איז געוואָרן אַ נויטווענדיקייט, ווייל פאַר די צייטן פון די קרייצצוגן האָבן אַ סך יידן אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן, כדי זיך און זייערע פאַמיליעס צו ראַטעווען פון טויט און מאַרטירערטום. ווען זיי האָבן זיך געקאָנט אומ־קערן צו יידישקייט, האָבן די יידן זיי ניט געוואָלט אַריינגעמען אין די קהלות און ניט געוואָלט מיט זיי דאַוונען צוזאַמען. די האַנדלונג פון די קהלות האָבן פאַרשאַפט אומגעהייער־גייסטיקע יסורים די אומגליקלעכע, און כדי צו פאַרמיידן עס האָט דער מהר"ם מתקן געווען צו זאָגן די אויבנדערמאָנטע תפילה און מיט דעם מעגלעך געמאַכט פאַר די אַנוסים צו דאַוונען צוזאַמען מיט אַלע יידן.

תפלת זכה און ווער עס קוקט אריין אין גמרא יומא. אַ סך מתפללים זייַ־נען אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען, גרייט אויפצונעמען דעם טאָג פון סליחה ומחילה.

אויפן עמוד ברענען צוויי גרויסע וואקסענע נשמה־ליכט. דער חזן, אָנגעטאָן אינגאַנצן אין ווייסן, שטייט ביים עמוד. אַרום אים, — עלטערע יידן, אָנגעטאָן אין קיטלען, האַלטן ספרי תורה׳ס. אַלעמענס אויגן זיינען געווענדט צום עמוד אין דערוואַרטונג, מען זאָל אָנהייבן זאָגן כל נדרי. פון ערגעץ אַ ווינקל הערט זיך אַ שטיל פאַרשטיקט געוויין. דאָס האָט אַ ייד געענדיקט זאָגן תפלת זכה. מען הערט אַ שלוכצן פון דער וויַיבערשער שול. יידישע מאַמעס און טעכטער זאָגט דאָרט תחינות, בעטן ביי גאָט אַ גוטע חתימה פאַר זייערע ליבע און טייערע.

אַ קלאַפּ אין טיש רופט די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע מתפללים. דאָס האָט אַזוי דער שמש צו וויסן געגעבן די מתפללים, אַז מען הייבט אָן צו זאָגן „כל נדרי". אַלע בלייבן שטיל. מען האַלט פּשוט איין דעם אָטעם, ניט צו שטערן די הייליקע שטילקייט. דער חזן, עמאָציאָנירט פון דער פייערלעכער שטילקייט, וואָס הערשט אין שול, זאָגט מיט רעליגיעזן עקס־טאַז דריי מאָל דעם פּסוק פון תהלים „אור זרוע לצדיק ולישרי לב שמחה". דער עולם זאָגט נאָך דעם זעלבן פּסוק מיט רעליגיעזן ציטער.

די ערנסטקייט און אָנגעשטרענגטקייט ווערט אין שול אַלץ שטאַר־קער. דער עולם ווערט ממש ווי עלעקטריזירט פון דער רעליגיעזער אָנגע־צויגנקייט, ווען די עלטערע יידן, וואָס האַלטן די ספרי תורות, זאָגן מיט רעליגיעזן ציטער די ווערטער, וואָס דער מהר"ם האָט מתקן געווען צו זאָגן פאַר כל נדרי: „על דעת המקום ועל דעת הקהל". זיי זאָגן עס דריי מאָל נאָכאַנאַנד און דער חזן הייבט אָן צו זינגען „כל נדרי". די מעלאָדיע טראָגט זיך איבער דער שול, דערגרייכט צו אַלע ווינקלען און פילט אָן די הער־צער פון די מתפללים מיט אַ מיסטישער אומרואיקייט. זאָגט מען נאָך צו־זאַמען מיטן חזן דעם ניגון, וואָס דערציילט מיט מעלאָדישע טענער וועגן יענע הייליקע און רירנדע מאָמענטן, וואָס די אנוסים אין שפּאַניע האָבן איבערגעלעבט, ווען זיי האָבן מקדש השם געווען (זע וויַיטער).

## די שלעכטע קאָנסעקווענצן פון זאָגן כל נדרי.

דאָס זאָגן כל נדרי האָט אין דעם 18־טן יאָרהונדערט פאַרשאַפט די יידן גאָר אַ סך יסורים, צרות און אומאַנגענעמלעכקייטן. די אַנטיסעמיטן פון דערמאָנטן יאָרהונדערט האָבן מיטן „כל נדרי" באַוויזן, אַז מען טאָר די יידן ניט געטרויען אויף זייערע אַ שבועה, וויַיל זיי באַפרייען זיך פון זייערע שבועות מיטן זאָגן כל נדרי, ערב יום־כפּור, און זיי האָבן דערפאַר נישט קיין מורא צו שווערן פאַלש. דערפאַר זאָל מען די יידן ניט צולאָזן פאַר עדות אין געריכט־הייזער און ניט אָננעמען זייער שבועה...

זייער פּראָפּאַגאַנדע און זייערע טענות האָבן געווירקט, יידן זיינען טאַקע ניט צוגעלאָזט געוואָרן אין די געריכט־הייזער פאַר עדות און זייערע שבועות זיינען ניט אָנגענומען געוואָרן.

אַ סך ריכטער פון פאַרשידענע לענדער האָבן געזוכט צו שאַפן ספּע־ציעלע שבועות פאַר יידן אין די געריכטס־הייזער, שבועות, וועלכע דאָס זאָגן כל נדרי זאָל ניט קענען מבטל זיין.

עס האָבן אויך ניט געהאָלפן די עפנטלעכע דערקלערונגען פון רבנים און יידישע נאָטאַבלען, אַז דאָס זאָגן כל נדרי איז נאָר מבטל די איסורים, הרמות און שבועות, וואָס יעדער ייד נעמט אויף זיך, אויף זיין פּערזאָן: ודאסרנא על נפשתנא, — צו פּלאָגן און אויסצערן זיין גוף, אָבער פאַר קיין פאַל איז עס ניט מבטל די פאַרפליכטונגען, וואָס יידן האָבן מיט אַנ־דערע פּערזאָנען, וועגן געשעפט, געלט־ענינים און אַנדערע פאַלן פון גע־זעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן. יענע אַלע פאַרפליכטונגען מוז אַ ייד דער־פילן לויטן יידישן דין און לויט מנהג־מדינה.

די דערמאָנטע דערקלערונגען זיינען פון די ריכטער און פון דער עפנט־לעכקייט ניט אָנגענומען געוואָרן און יידן זיינען באַזייטיקט געוואָרן אַלס עדות אין די געריכטס־הייזער און אפילו אין זייערע פּריוואַטע ענינים האָט מען זיך ניט גערעכנט מיט זייערע שבועות, אַ זאַך, וואָס האָט זיך זייער שלעכט אָפּגערופן אויף דער אַלגעמיינער לאַגע פון די יידן. אַ צוגאָב צום גלות.

## נוסח כל נדרי פון די ספרדים פון מיטעלן מזרח

מערקט אָן, די ערשטע טאַקטן גלייכן זיך מיטן נוסח פון קדיש צו נעילה ביי די אַשכנזים

געגומען פון אידלזאָן



## כל נדרי נוסח תימן

סאַראַסאַטע האָט גענומען דעם נוסח כל נדרי פון תימנער יידן און געשאַפן זיין קאָנצערט פאַר פידל „איירעס גיטאַנאָס"

גענומען פון אידלזאָן




### דאָס וועלן באַזייטיקן און אויסוואָרצלען דעם מנהג צו זאָגן כל נדרי

פאַר דער גאַנצער צייט פון דער עקזיסטענץ פון ביידע ישיבות אין בבל, סורא און פומבדיתא (589—1038 נ. ק.), האָבן אייניקע גאונים, די אָנפירער פון די ישיבות, געזוכט איבערצייגן די יידן פון בבל און ווירקן אויף זיי, אַז זיי זאָלן ניט זאָגן כל נדרי.

די מאָטיוון פאַר זייער קעגנערשאַפט צו זאָגן כל נדרי איז געווען פאָלגנדע: א) זיי האָבן מורא געהאַט, אַז די עמי־הארצים וועלן אָננעמען, אַז מיט זייער זאָגן כל נדרי ווערן זיי פריי פון אַלע זייערע נדרים, שבועות און חרמות, וואָס זיי האָבן צו זייערע מיטמענטשן, וועגן געשעפט און געלט־ענינים אָדער וועגן אַנדערע אָנגעלעגנהייטן, ניט וויסנדיק, אַז דאָס זאָגן כל נדרי באַפרייט זיי נאָר פון יענע נדרים, שבועות און חרמות, וואָס זיי האָבן גענומען אויף זיך, ניט צו טאָן די אָדער יענע זאַך, ניט געניסן פון די אָדער אַנדערע מאכלים אָדער געטראַנקען, א. א. וו. ס'איז דער ריכטיקער טייטש פון די ווערטער פון כל נדרי: „ודאסרנא על נפשתנא" — וואָס מיר האָבן זיך אַליין פאַרבאָטן פאַר זיך. ניט וויסנדיק דעם ריכטיקן געדאַנק פון כל נדרי, וועלן זיי אַזוי אַרום האַנדלען קעגן די פונדאַמענטאַלע געזעצן פון דער תורה, וואָס האָט שטרענג פאַרבאָטן צו שווערן

פאַלש: „לא תשא את שם אלהיך לשוא" (שמות כ׳, ז׳), און: „לא תשבעו בשמי לשקר" (ויקרא י"ט, י"ב). מיטן ניט זאָגן כל נדרי, האָט מען גע־רעכנט, וועט עס אויסגעמיטן ווערן.

ב) ווייזט אויס, אַז זיי האָבן פאָרויסגעזען, אַז דאָס זאָגן כל נדרי וועט ברענגען שלעכטע קאָנסעקווענצן צו די יידן אין די גלות־לענדער, און זיי האָבן עס געוואָלט פאַרהיטן.

ווי די געשעעניש האָבן עס שפּעטער מיט הונדערטער יאָר באַוויזן, זיינען זיי געווען ווייטזעעוודיק און באַרעכטיקט. די קריסטן האָבן איבער דעם, וואָס יידן זאָגן כל נדרי, געשאַפן פאַר זיי ספּעציעלע שבועות אין די געריכטס־הייזער, שבועות, וועלכע האָבן באַליידיקט און דערנידעריקט די יידן. ביים שווערן האָבן זיי געמוזט האַלטן אין די הענט אַ ספר־תורה אָדער תפילין, געמוזט דערמאָנען גאָטס נאָמען און נעמען אויף זיך און אויף דער גאַנצער פאַמיליע די ערגסטע קללות, טאָמער איז די שבועה אַ פאַלשע...

אין 10טן יאָרהונדערט איז אַרויס אַ געזעץ פון קאָנסטאַנטין דעם 5טן, אַז ווען אַ ייד דאַרף שווערן אין אַ געריכט, מוז ער שטיין ביז די קני אין וואַסער, סיי זומער און סיי ווינטער, זיין אַרומגעגאַרטלט מיט אַ גאַרטל פון שטעכעדיקע דערנער און שווערן מיט די ווערטער: „בראשית ברא". ביים שווערן, דאַרף ער זיך אויסדריקן, אַז אויב ער וועט שווערן פאַלש, זאָל אים די ערד איינשלינגען, ווי זי האָט אַמאָל געטאָן צו דתן ואבירם...

אין פראַנקרייך איז אין יאָר 1150 אַרויס אַ באַפעל, אַז ווען אַ ייד דאַרף שווערן, זאָל מען אים אָנטאָן אַ גאַרטל פון שטעכעדיקע דערנער אויף זיינע לענדן און אויף זיין האַלדז און מען זאָל אים פאַרשילטן מיט אַלע קללות פון דער תוכחה, אויב ער וועט ניט זאָגן דעם אמת.

אין אַנדערע קריסטלעכע לענדער האָט דער ייד, וואָס האָט באַדאַרפט שווערן אין געריכט, זיך געמוזט אַרויפשטעלן אויף אַ דרייפוסיק בענקל און יעדעס מאָל, וואָס ער איז אַראָפּגעפאַלן פונעם בענקל, האָט ער געמוזט צאָלן שטראָף־געלט, און אויב ער איז פאַר דער צייט פון דער שבועה אַראָפּגעפאַלן פון דעם בענקל פיר מאָל, איז ער דערקלערט געוואָרן פאַר שולדיק.

אין אונגאַרן איז אין יאָר 1517 געווען איינגעפירט, אַז ווען אַ ייד האָט באַדאַרפט שווערן אין אַ געריכט, האָט ער געמוזט שטיין באָרוועס, מיטן פנים צו מזרח און האַלטן אַ ספר תורה אין די הענט.

אין דייטשלאַנד, ווען אַ ייד האָט געדאַרפט שווערן עפנטלעך, האָט ער געמוזט נעמען אויף זיך אַלע קללות, וואָס שטייען אין דער סדרה ויקרא און אין ספר דברים; אַלע מכות־מצרים, די קרעץ פון נעמין און גחזי און אויך דאָס, וואָס האָט געטראָפן מיט דתן ואבירם (די ערד האָט זיי איינ־געשלונגען).

מיט זייער קעגנערישקייט צו זאָגן כל־נדרי זיינען די גאונים אויסן

געוועזן דאָס אַלעס צו פאַרהיטן. חוץ דעם געפינט מען אין גאָר אַלטע ספרים, די באַהויפּטונג, אַז דאָס זאָגן כל נדרי האָט ניט קיין מקור און קיין זין, ווייל מען מאַכט ניט בטל, דיר־ניט, מיר־ניט, נדרים, שבועות און חרמות, וואָס מען האָט אויף זיך גענומען. דער, וואָס נעמט אויף זיך א נדר, איז מחויב אים מקיים צו זיין.

אייניקע גדולים און גאונים רופן־אָן דעם מנהג צו זאָגן כל נדרי, מנהג שטות, — אַ נאַרישער מנהג, צוליב דעם דערמאָנטן מאָטיוו.

אויך די גייסטיקע מנהיגים פונעם 18־טן יאָרהונדערט, זעענדיק די צרות און דערנידערונגען, וואָס די יידן ליידן צוליבן זאָגן כל נדרי, האָבן געזוכט עס מבטל צו זיין. זיי האָבן געדרוקט קול קורא'ס און זיי צעקלעפּט אין די שולן; האָבן געהאַלטן דרשות אין די שולן און אָנגעוויזן אויף דער געפאַר, וואָס דאָס זאָגן כל נדרי ברענגט צו די יידן אין גלות. זיי האָבן דערמיט געזוכט צו באַווייזן, אַז מען איז ניט מבטל סתם אַזוי זיך דאָס, וואָס מען האָט אויף זיך גענומען דורך א נדר אָדער געשוואוירן עפּעס צו טאָן, ווייל דאָס איז קעגן די פונדאַמענטאַלע געזעצן פון דער תורה.

די אַלע אָנשטרענגונגען פון די גייסטיקע מנהיגים האָבן אָבער גאָר־נישט געהאָלפן אָפּצושאַפן דעם איינפיר צו זאָגן כל נדרי; יידן האָבן זיך איינגעקלאַמערט אינעם מנהג צו זאָגן כל נדרי אונטער אַלע אומשטענדן און זיי טוען עס מיטן גרעסטן יראת הכבוד, ביז צום היינטיקן טאָג.

ס'איז גאַנץ מעגלעך, אַז אינעם אונטערבאַוואוסטזיין פונעם פאָלק ליגן באַהאַלטן די מאָטיוון, וואָס באַוועגן די יידן צו זאָגן כל נדרי, און דעריבער האָבן ניט געהאָלפן די אַלע פּרוואוון דאָס אָפּצושאַפן.

## די אַנטשטייאונג פון כל נדרי

דער איינפיר צו זאָגן כל נדרי עקזיסטירט פון פאַר די צייטן פון די רבנן סבוראי און גאונים, און איז אַ ריינער גלות־פּראָדוקט, אַ סטימול, אַ גייסטיקע רפואה, אַזאַ, וועלכע די דעמאָלסטיקע חכמים האָבן געשאַפן, כדי מיט דעם צו פאַרגרינגערן די גייסטיקע ליידן פון די יידן אין גלות.

ווייל זייענדיק אין גלות און ליידנדיק אַזוי פיל אומרעכטן און יסורים, האָט יעדער ייד געשטרעבט און געהאָפט זיך צו באַפרייען ווי אַמשנעלסטן. און כדי דאָס צו דערגרייכן, האָט ער תפלה געטאָן צו גאָט, געבעטן אויף אַ גאולה שלמה און האָט אויף זיך גענומען אַ נדר אָדער געשוואָרן, אַז אויב גאָט וועט אים העלפן און ער וועט באַפרייט ווערן פון די אַלע צרות, וועט ער פאַסטן אין די און די טעג, אָדער אַ געוויסע צאָל טעג; וועט לערנען אַזוי פיל פּרקים משניות, איבערזאָגן אַזוי פיל מאָל דעם תהלים, צעטיילן אַזוי פיל צדקה פאַר אָרעמעלייט, פאַר חברות און פאַר נאַציאָנאַלע פאָנדן;

העלפֿן אָרעמע קראַנקע, א. א. וו. און ווען אים איז געלונגען זיך צו באַפרייען פון די באַדריקער און פון אַלע צרות, און ער האָט איבער פאַרשידענע מאָטיוון ניט געקאָנט מקיים זיין זיין נדר און שבועה, איז ער באַהערשט געוואָרן פון אַ שטאַרקער שרעק און מורא, אַז גאָט וועט אים באַשטראָפן פאַר ניט דערפילן זיינע נדרים און ניט מקיים זיין די שבועות.

די מורא האָט דעם ייד ניט געלאָזט רוען; די אומרואיקייט און שטענדיק שרעק, אַז גאָט וועט אים שטראָפן, האָט אים פאַרשאַפט אומגעהויערע גייסטיקע יסורים, וואָס האָט אים געטריבן צו וואַנזין. ס'איז שטאַרק נייטיק געווען אַ רפואה צו היילן און לינדערן די יסורים...

האָבן די גייסטיקע מנהיגים, וועלכע האָבן שטענדיק געוואַכט איבערן קיום־האומה, געשאַפן אָט־די דאָן נייטיקע גייסטיקע רפואה, וואָס איז באַשטאַנען אין זאָגן כל נדרי, כדי צו באַרואיקן די געמיטער פון יענע, וואָס האָבן ניט געקאָנט נאָכקומען זייערע נדרים און שבועות. און זיי האָבן דאָס באַוויזן, מיט דעם, וואָס זיי זיינען זיי מבטל אין דער אָנוועזנהייט פון אַ בית־דין אָדער פאַר פשוטע דריי יידן...

ווען דער פאַרשולדיקטער ייד האָט אָפּגעזאָגט דעם כל נדרי, האָט ער זיך דערפילט באַפרייט פון זיינע נדרים און שבועות, ממילא אויך פון דער שרעק פאַר גאָטס שטראָף פאַר ניט מקיים זיין די נדרים און שבועות. זיין געוויסן האָט זיך באַרואיקט, זיין שרעק און זיין ציטערן פאַר דער שטראָף זיינען פאַרשוואונדן.

און היות ס'האָבן במשך דעם לאַנגן ביטערן גלות די יידן ניט געפעלט קיין צרות און פיין, זיינען אויך די תפלות צו גאָט, אַז ער זאָל זיך אויף זיי מרחם זיין, ניט אַראָפּ פון דעם יידנס ליפּן. און אין די שווערסטע מאָמענטן פון יסורים האָט מען אויף זיך גענומען נדרים און שבועות, צוגעזאָגט צו פאַסטן, צו לערנען, צו טיילן צדקה, א. א. וו., דאָס אַלעס, כדי גאָט זאָל זיך צוהערן צו זייערע תפלות. און ווען דאָס געהאָפטע און געבעטענע איז דערגרייכט געוואָרן און מען האָט אָבער ניט געהאַט די מעגלעכקייטן מקיים צו זיין דאָס צוגעזאָגטע און גענומענע אויף זיך, האָט מען זיך געשראָקן, אַז גאָט, וועלכער שטראָפט דאָך די יעניקע, וואָס שווערן פאַלש אָדער זיינען ניט מקיים זייערע נדרים, און כדי זיך צו פאַרהיטן פון גאָטס שטראָף, האָט מען זיך אָנגעכאַפּט אָן כל נדרי, וואָס באַפרייט דעם ייד פון זיינע נדרים און שבועות, מיט וועלכע ער האָט זיך פאַרפליכטעט צו גאָט.

דאָס זאָל זיין דער מאָטיוו, פאַר וואָס כל נדרי איז אַזוי פאַרשפּרייט געוואָרן ביי יידן; דאָס זאָל אויך זיין דער מאָטיוו, פאַר וואָס עס איז ניט געלונגען די גאונים און שפּעטער די גייסטיקע מנהיגים פונעם 18טן יאָרהונדערט אויסצוואָרצלען ביי די יידן דעם מנהג צו זאָגן כל נדרי...

## דער מוזיקאַלישער נוסח פון כל נדרי

פון די ערשטע צייטן זינט דער כל נדרי איז געשאַפן געוואָרן, ביז דעם 15־טן יאָרהונדערט, האָט יעדער ייד געזאָגט כל נדרי ערב יום כפור, פאַר אַ בית־דין אָדער פאַר דריי פשוטע יידן, וועלכע האָבן אים געענטפערט: הכל מחול לך, — אַלץ איז דיר פאַרגעבן, פונקט ווי עס ענטפערן היינט די יידן ביי התרת נדרים.

נאָכן אָפּזאָגן כל נדרי, האָט זיך דער ייד דערפילט פריי פון זיינע גייסטיקע חובות צו גאָט; זיין געוויסן איז געוועזן באַרואיקט און פריי פון שרעק פאַר שטראָף. פון זינגען כל נדרי בציבור איז דאַן קיין רייד נישט געוועזן.

דאָס זינגען כל נדרי בציבור אין די שולן ערב יום כפור פאַר זונ־

### כ ל נ ד ר י — נוסח אשכנז

לאַנגזאַם

פאַרגיין, מיט דער באַקאַנטער כל נדרי־מעלאָדיע, האָט זיך אָנגעפאַנגען ערשט נאָכן 15טן יאָרהונדערט. די מחברים פון דער וואונדערבאַרער מע־לאָדיע זיינען ניט קיין אַנדערע ווי יענע הייליקע מאַרטירער, וועלכע האָבן אין די לעצטע מאָמענטן פון זייער לעבן אַזוי אויסגעזונגען כל נדרי.

געשען איז עס ביים סוף פונעם 15טן יאָרהונדערט (1492), ווען די ווילדע חיות אין מענטשן־געשטאַלט, די הויכע גייסטלעכע פון דער קירכע אין שפּאַניע, האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די יידן פון דעם לאַנד און זיי געצוואונגען זיך אָפּצוזאָגן פון זייער אמונה און אָנצונעמען דעם קריסט־לעכן גלויבן.

די קאָנדיציעס, וואָס יענע הויכע גייסטלעכע האָבן געשטעלט פאַר די יידן, זיינען געווען קאַטעגאָרישע: שמד! אַלע יידן זאָלן אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן אָן אײנזעעניש, אָן יעדער אַנדערער ברירה. די יידן, וואָס ווילן עס ניט טאָן, זאָלן פאַרלאָזן דאָס לאַנד און איבערגעבן זייער גאַנץ פאַרמעגן דער קירכע. די, וואָס וועלן ניט אויספאָלגן אָט־די קאָנ־דיציעס וועט מען אויסהרגענען.

דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען די שרעקלעכע טראַגעדיע פאַר די יידן פון שפּאַניע, וואָס האָט דערפירט צום „אויטאָ־דאַ־פע", אויף וועלכן מען האָט אומגעבראַכט טויזנטער און טויזנטער יידן מיט די שרעקלעכע מיתות. און היות די הייליקע קירכע טאָר דאָך ניט פאַרגיסן קיין מענטשלעך בלוט, האָט מען די יידן פאַרברענט לעבעדיקערהייט אויף די שייטער־הויפנס. און געטאָן האָט עס די קירכע מיט גרויס פייערלעכקייט, מיט פאַרגלאָצטע אויגן צום הימל, מיט אָנגעצונדענע ליכט, ביי דער אָנווע־זנהייט פון איר געקרייציקטן דערלייזער אויף אַ צלם און אויך פון קע־ניגן, הויכע באַאַמטע, גרויסע נאָטאַבלען און אַ גרויסן פאַרזאַמלטן המון...

דאָס האָט אויך דערפירט צום אכזריותדיקן גירוש שפּאַניע, וואָס האָט נישט געהאַט זיינס גלייכן אין גלות ביז צו יענער צייט.

דאַן זיינען אויפגעקומען די אומגליקלעכע אנוסים; דאָס זיינען גע־ווען יענע, וועלכע די קירכע האָט געצוואונגען איבערגעוואַלד צו פאַר־בייטן זייער יידישע אמונה אויף דער קריסטלעכער. זיי האָבן טאַקע בפרהסיה געמוזט זיין קריסטן, אָבער זיי האָבן דאָך פאַרבאָרגענערהייט אָפּגעהיט זייער אמונה און טראַדיציע.

אָט־די אנוסים, אָט־די הייליקע מאַרטירער, פאַר וועלכע דאָס האַרץ גיט אַ ציטער און די אויגן הויבן אָן צו פאַרגיסן טרערן, ווען מען דער־מאָנט זיך אָן זיי, זיינען עס די אויטענטישע שעפער פון דער כל־נדרי־מעלאָדיע. זיי זיינען די שעפער דער מעלאָדיע, ווייל זי האָט זיך גע־שאַפן פון זייערע לעצטע טויט־קאָנוואולסיעס, פון זייער לעצטן מאָ־מענט פון לעבן, פון זייער לעצטן באַגער אויסצולייטערן זייער נשמה און זייער געוויסן אין די מאָמענטן פון זייער לעצטן געראַנגל מיטן טויט.

איז די מעלאָדיע זייערע. דאָס איז די כל נדרי־מעלאָדיע פון די אנו־סים אין שפּאַניע.

אנאַליזירנדיק די מעלאָדיע פון כל נדרי, זעט מען, אַז דאָס איז אַ ריינער נשמה־אויסגוסט פון אַזעלכע, וואָס האָבן שוין גאָר ניט אויף דער וועלט: זייער פאַמיליע, זייערע ליבע און טייערע, האָט מען שוין פון זיי געהאַט אַוועקגעריסן; זייער האָב און גוטס האָט די „באַרמהערציקע קיר־כע" שוין געהאַט אַוועקגערויבט, און זיי אַליין האָבן די רשעים, די משר־תים פון דער קירכע, אכזריותדיק פיזיש צעפייניקט און צעבראָכן. און אין די לעצטע געציילטע מינוטן פון זייער לעבן זוכן זיי אויסצולייטערן זייער נשמה, טאָמער האָבן זיי אין אַ שוואַכן מאָמענט פון די שרעקלעכע פיזישע ליידן עפּעס צוגעזאָגט אָדער צוגעשוואוירן צו זייערע מערדער, אָדער טאָ־מער האָבן זיי אין די אַנגסטלעכע מאָמענטן אַ נדר געטאָן צו טאָן עפּעס, און זיי קאָנען עס איצט ניט מקיים זיין און דורך דעם פאַרבלייבט אַ פלעק אויף זייער נשמה. זיי פילן זייער געוויסן פאַראומרייניקט און זיי ווילן אַראָפּנעמען דעם פלעק איידער עס ווערט שפּעט, איידער דער טויט קומט, כל־זמן דאָס האַרץ קלאַפּט נאָך און דער געדאַנק איז קלאָר.

וועגן זייער קערפּער זאָרגן זיי שוין ניט; ער איז דאָך שוין ריין פון זינד, איז זיינס אָפּגעקומען דורך די פיל אכזריותדיקע פייניקונגען, וואָס די ליבהאַרציקע גייסטלעכע פון דער קירכע האָבן צוגעטראַכט צו מאַכן אים וואָס מער ליידן...

איין געדאַנק לאָזט זיי ניט צו־רו: אויסצולייטערן זייער נשמה, טאָמער האָבן זיי ניט מקיים געווען אַ נדר אָדער אַ שבועה.

און ליגנדיק אין די שמוציקע קעלערס פון דער אינקוויזיציע, צע־הרגעט, צעביילט, מיט אָפּגעריסענע אברים, ווילן זיי תשובה טאָן, אויס־לייטערן די נשמה איידער זי גייט אַרויס פון די צעבראָכענע קערפּערס; זיי ווילן, אַז זייער נשמה זאָל אַרויפקומען אין די הימלען און זיך שטעלן פאַרן כסא הכבוד אַ ריינע, אַ ציכטיקע...

מיט וואָס זייער נשמה ריינצוואַשן ווייסן זיי נישט; זיי ווייסן אָבער, אַז מען דאַרף אָפּזאָגן דעם כל נדרי. אָבער ווי זאָגט מען עס, אַז עס איז ניטאָ קיין כוח! שטרענגט מען זיך אָן און מ'הויבט אָן זאָגן, אָבער אָנשטאָט ווערטער קומט אַרויס אַ טיפער קרעכץ, אַן אוי!... מען שטעלט זיך אָפּ, דעם אָטעם אָפּצוכאַפּן, ווייל קיין פיזישער כח איז שוין נישטאָ פאַרצווזעצן; די יסורים זיינען גרויס און מען האָט מורא, עס זאָל ניט זיין צו־שפּעט, אַז דער טויט זאָל פאַרכאַפּן פריער איידער מ'וועט פאַרענדיקן. אָט־דער געדאַנק גיט נייעם מוט; שטרענגט מען אָן דאָס באַ־וואוסטזיין און מ'הויבט אָן צו זאָגן כל נדרי פונדאָסניי. און ווידער קומט, אָנשטאָט ווערטער ביי זיי אַרויס אַ האַרצרייסנדער קרעכץ, אַן אוי! אוי! כאַפּט מען אָפּ אויף שנעל דעם אָטעם און מ'שטרענגט זיך אָן צו

זאָגן כאָטש די ערשטע ווערטער, בלויז „כל נדרי" און ס'רייסט זיך אַרויס א ווייטיקפולער אוי !... ביז עס געלינגט מיט דער גרעסטער אַנגסטלעכער אָנשטרענגונג אַרויסצוזאָגן : „כל נדרי", און מ'בלייבט שטיל, דערשעפט, פון אַזוי פיל אָנשטרענגונגען. ווען דער גראַנגל לאָזט עפּעס נאָך, כאַפּט מען אַריין נאָך אַ וואָרט : „ואיסורי", און אַזוי ביז „מיום כפורים זה", ווען עס פאַרכאַפּן שוין די לעצטע טויט־קאָנוואולסיעס, ווען די נשמה גייט אַרויס פונעם גוף אַ ריינע, אַ ציכטיקע, זיך צו שטעלן פאַרן כסא הכבוד.

די גאַנצע מעלאָדיע פון כל נדרי איז אַ מוזיקאַלישע אילוסטראַציע, ווי אַזוי יידישע הייליקע מאַרטירער האָבן געזאָגט כל נדרי אין די לעצטע אַנגסטלעכע מינוטן פון זייער לעבן אין אַ קעלער פון דער אינקוויזיציע אין שפּאַניע אין דעם 15־טן יאָרהונדערט נ. ק., כדי ריין צו וואַשן זייער נשמה פון פאַרפליכטונגען : נדרים און שבועות. יעדער טאָן פון דער מעלאָדיע דערמאָנט אין אַ וועלט מיט ליידן, ליידן פון אומשולדיק־פאַר־פייניקטע; יעדער טאָן דערציילט פון די גייסטיקע גבורות פון די אנוסים בייצושטיין און אויסצוהאַלטן אַזוי פיל יסורים און פּיין; יעדע פראַזע אַנטפּלעקט פאַר דער מענטשהייט די גרויסע טראַגעדיע פון די אנוסים פון שפּאַניע. די גאַנצע מעלאָדיע איז אַ הערלעכער דענקמאָל אויף אַלע אייביקייטן פאַר די מאַרטירער־אנוסים און איז אויך צו דער זעלבער צייט אַ שאַנד־סלופּ פאַר שפּאַניע און פאַר דער קאַטוילישער קירכע פון 15־טן יאָרהונדערט.

דאָס יידישע פאָלק האָט טאַקע אין דעם זין אויפגענומען די דער־מאָנטע מעלאָדיע צו זינגען כל נדרי בציבור אין די שילן ערב יום כפור, וואו עס ברענען אַזוי פיל נשמה־ליכט, צווישן וועלכע עס געפינען זיך זיכער די הייליקע נשמות פון יענע, וואָס האָבן מחבר געווען דאָס וואונ־דערבאַרע געזאַנג.

קאַפּיטל עלף

# די עבודה פון יום-כפור

**די עבודה געשילדערט אין דער גמרא יומא. והכהנים, ווי די כהנים האָבן דורכגעפירט די עבודה אין בית־המקדש יום־כפור. ווי די יידישע יוגנט האָט פאַרבראַכט דעם טאָג יום־כפור אין יענע צייטן אין ארץ־ישראל. ווי מען זינגט היינט די עבודה אין די שולן און בתי־מדרשים.**

---

די עבודה פון יום הכפורים, וואָס איז געדרוקט אין מחזור, איז א קאַפּיטל, גענומען פון דער גמרא יומא, וואו עס ווערט דערציילט אין א זייער שיינער פאָרם אַלע איינצלהייטן פון יעדער זאַך וואָס מען האָט דורכגעפירט אין בית־המקדש אין דעם טאָג פון יום־כפור.

דאָרט ווערט דערציילט, ווי מען האָט דעם כהן־גדול צוגעגרייט און איינגעאיבט צו דער עבודה פון יום־כפור, ווי ער האָט אין יום־כפור דורכגעפירט די עבודה; ווי יעדער טראָט זיינער איז געווען געמאָסטן; יעדע באַוועגונג זיינע געווען באַשטימט; וויפיל מאָל ער האָט געביטן זיינע כהונה־מלבושים: די לייוונטענע אויף די גאָלדענע און די גאָלדענע אויף די לייוונטענע; וויפיל מאָל ער האָט זיך טובל געווען; זיין אריינגיין אין קדשי קדשים, מקטיר צו זיין די קטורות; ווי ער האָט תפלה געטאָן פאַר זיך, פאַר זיין פאַמיליע און פאַרן פאָלק ישראל; ווי ער האָט אויסגעזען שיינענדיק, ווען ער איז אַרויס בשלום פון קדשי הקדשים.

קיין תפלות ובקשות איז אין דער עבודה ניטאָ; נישט פאַרן חזן און נישט פאַרן עולם, אויסער די סליחות, וואָס קומען נאָך דער עבודה. און דאָך, — וואָס פאַר א הייליקע שטימונג עס הערשט אין שול, ווען מען זאָגט די עבודה.

## והכהנים.

אַ שיין בילד שטעלט פאָר דער „והכהנים". אין קורצע אָבער אָנזעעוו־דיקע שטריכן ווערט דאָרט דערציילט, ווי די עבודה איז פאָרגעקומען אין בית המקדש אין יום הכפורים; ווי די כהנים און דאָס פאָלק, וואָס זיינען געשטאַנען אין דער עזרה, פלעגן פאַלן כורעים, ווען זיי האָבן געהערט דעם שם־המפורש, ארויסגערעדט פון כהן־גדול, ווי זיי פלעגן זיך בוקן און פאַלן אויף די פנימער און זאָגן: „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד".

מ'ווערט פשוט מיטגעריסן פון דער קליינער דערציילונג, מ'מאָלט זיך אויס דאָס פראַכטפולע בילד, וואָס די עבודה האָט מיט זיך פאָר־געשטעלט.

### ווי די עבודה איז דורכגעפירט געוואָרן אין בית־המקדש

די געדאַנקען טראָגן אונדז אַריבער צו יענעם רייכן און גליקלעכן עבר, ווען יידן זיינען געווען אַ זעלבסטשטענדיק פאָלק אין אייגענעם לאַנד: „כל אלה בהיות ההיכל על יסודותיו, ומקדש הקודש על מכונותיו, וכהן גדול עומד ומשרת, דורו ראו ושמחו", — דאָס איז אַלץ פאָרגעקו־מען, ווען דער היכל איז געשטאַנען אויף זיינע יסודות און דער קדשי־קדשים אויף זיין באַשטאַנד, און דער כהן גדול איז געשטאַנען און האָט געטאָן די עבודה. זיין דור האָט עס געזען און זיך געפרייט.

אשרי עין ראתה כל אלה, — וואויל איז דעם אויג, וואָס האָט דאָס אַלעס געזען; געזען, ווי דער בית המקדש, דאָס הייליקסטע פון פאָלק, איז אָנגעפילט מיט יידן און צווישן זיי געפינט זיך זייער קעניג מיט די העכסטע רעגירונגס־מענטשן, די כהנים און לוים, די זינגער און שפילער מיט זייערע הערלעכע געזאַנגען און מוזיקאַלישן געשפיל. דער כהן גדול, די העכסטע רעליגיעזע אויטאָריטעט פון פאָלק, שטייט אָנגעטאָן אין זיין כהונה־הלבשה און פירט די עבודה מיט רעליגיעזן עקסטאַז און גע־שיקטקייט. אָט בייט ער זיינע כהונה־מלבושים, איז זיך טובל, טוט אָן די גאָלדענע קליידער, ווייזט זיך פאַרן פאָלק, איז מקריב דעם קרבן העם, און איז זיך מתודה; טובלט זיך ווידער בעתן בייטן די גאָלדענע קליי־דער אויף לייווענטענע און גייט אַריין אין קדשי קדשים, וואו ער איז מקטיר די קטרות פון פאַרנאַכט... און אָט שטייט ער שוין אין זיינע יום־טובדיקע קליידער — אַ שטראַלנדער פון גליק, וואָס די עבודת היום איז אַדורכגעגאַנגען בשלום, אָן שטערונגען און אָן טעותן. דאָס פאָלק באַ־גלייט אים מיט יובל און פרייד צו זיין היים...

וואויל איז דעם אויג, וואָס האָט דאָס אַלעס צוגעזען.

## ווי די יוגנט האָט פאַרבראַכט דעם טאָג יום־כפור אין יענע צייטן אין ארץ־ישראל.

די יוגנט פון יענעם גליקלעכן עבר האָט פאַרבראַכט דעם יום כפור אויף איר שטייגער.

ערב יום כפור פלעגן די טעכטער פון ירושלים אַרויסגיין און לייען איינע ביי דער צווייטער ווייסע קליידער (וויים איז דער סימבאָל פון גייסטיקער ציכטיקייט און ריינקייט), זיך אָנצוטאָן לכבוד יום כפור.

דאָס לייען ווייסע קליידער ערב יום כפור איז געווען איינגעפירט סיי פאַר רייכע און סיי פאַר אָרעמע, כדי ניט צו פאַרשעמען די יעניקע, וואָס האָבן ניט געהאַט אַזעלכע קליידער.

יום כפור פלעגן די טעכטער פון ירושלים אַרויסגיין אין די ווייג־גערטנער, צו פאַרברענגען מיט זינגען און טאַנצן.

און טאַנצנדיק פלעגן די ניט־רייכע זינגען: בחור: הויב אויף דיינע אויגן און זע, וועמען דו קלויבסט אויס פאַר זיך. קוק ניט אויף שיינקייט, קוק אויף משפחה!

די רייכע ווידער פלעגן זינגען: קוק ניט אויף שיינקייט, קוק אויף געלט!

די שיינע פלעגן זינגען: קוק ניט אויף געלט, קוק אויף שיינקייט, און אַזוי ווייטער...

דאָס בילד, ווי אַזוי די יידישע יוגנט פון ירושלים האָט פאַרבראַכט דעם יום כפור, ברענגט די גמרא אין מסכת תענית, כ"ו, עמוד ב': „אמר רבן שמעון בן גמליאל, לא היו ימים טובים לישראל, כחמשה עשר באב וכיום הכפורים, שבהן בנות ירושלים יוצאות בכלי לבן שאולין שלא לבייש את מי שאין לו, ובנות ירושלים יוצאות וחולות בכרמים. ומה היו אומרות? בחר, שא נא עיניך וראה, מה אתה בורר לך; אל תתן עיניך בנוי, תן עיניך במשפחה, שקר החן והבל היופי!

פון דאַנען שטאַמט דער מנהג, וואָס די יוגנט קלויבט זיך צונויף אין די שולן צו נעילה.

מען זעט אין דער פאַנטאַזיע אָט די הערלעכע און גליקלעכע מאָ־מענטן פון דער יידישער יוגנט אין ארץ־ישראל און דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרקער, דאָס בלוט פליסט שנעלער אין די אָדערן, עס כאַפּט אַרום אַ שטאַרקע בענקשאַפט צו אַזאַ נאַטירלעך, זאָרגלאָז און פריילעך לעבן פון דער יוגנט...

ווען אָבער מען וואַכט אויף פון די זיסע איבערלעבונגען און מען דערזעט די רויע וואַרהייט, וואָס עס איז פון אונדז געוואָרן און וואָס עס איז געוואָרן פון אונדזער יוגנט, אַז מיר געפינען זיך אין גלות, געדריקט, באַלעסטיקט דערנידעריקט און מיר לעבן אין יסורים, צרות און פיין,

הויבט אָן צו שווינדלען פאַר די אויגן, דאָס האַרץ ציט זיך צונויף, דאָס בלוט ווערט פאַרגליווערט אין די אָדערן, די אויגן פול מיט טרערן און עס גלוסט זיך וויינען און וויינען, אַראָפּצווויינען דעם ביטערן פינצטערן גלות...

ווען דער חזן הויבט אָן צו זינגען  ו ה כ ה נ י ם,  וואָס דאָס איז דאָך אייגנטלעך אַ דערגענצונג צו דער דערציילונג, ווי די עבודה איז דורכגעפירט געוואָרן אין בית־המקדש, רופט עס אַרויס אַ שטאַרקע בענקעניש נאָך יענע גילקלעכע צייטן, נאָכן בית־המקדש, נאָך דעם הייליקן לאַנד, נאָכן פרייען לעבן, נאָך דער יידישער מלוכה, נאָך יידישער אייגנאַרטיקייט, נאָך אַלץ און אַלעמען. עס הויבט זיך אָן צו שטיקן אין האַלדז און עס עפנט זיך אַ קוואַל פון טרערן און אַ געוויין אויפן קול זוכט זיך דורכצורייסן אַ וועג צום כסא הכבוד, צו בעטן רחמים ביים בורא עולם, ער זאָל שוין ברענגען די גאולה...

אַזוי אַרום ווערט די איינפאַכיקע דערציילונג פון  ו ה כ ה נ י ם  פאַרוואַנדלט אין אַ וויי־געשריי פון בענקשאַפט נאָך יענע צייטן.

### והכהנים נוסח אשכנז

דער חזן הייבט אָן: ו ה כ ה נ י ם און פאַרקייכט זיך: איי, איי, איי! ער צעוויינט זיך זינגענדיק, ווי איינער וואָס באַוויינט אַן אומגליק און געפינט ניט קיין טרייסט. ביים וואָרט ו ה ע ם, שרייט ער אַרויס מיט אַזאַ יאָמער, ווי ווען אַ צאַרטע מוטער באַגלייט אַרויס איר טויטן בן יחיד. ביי די ווערטער „העומדים בעזרה", ענדיקט ער שטיל, רעזיג־נירט. פאַרפאַלן, אַזוי איז מן הסתם דער ווילן פון גאָט. ביים וואָרט „כשהיו עומדים" פלאַקערט ווידער אויף די בענקשאַפט נאָך יענעם אַמאָל און ביי די ווערטער „את השם" ווערט דער וויי־געשריי אַזוי שטאַרק, אַז די טענער הייבן זיך אויף אַלץ העכער און העכער, ביז צו מסירת נפש, צוצוקומען צום כסא הכבוד. דערנאָך ווערט ווייטער שטילער, עס דערגייט צו רעזיגנאַציע ביי די ווערטער „בקדושה ובטהרה". די זעלבע סצענע חזרט זיך איבער ביי „היו כורעים", ביז „ברוך שם כבוד".

דער עולם שטייט מיט גרויס יראת הכבוד. אין דעם מאָמענט, ווען דער חזן זינגט דעם והכהנים, לעבט עס איבער צוזאַמען מיטן חזן די בענק־שאַפט, וואָס האָט אַלעמען באַהערשט ביים זאָגן די עבודה פון יום־כפור.

די מעלאָדיע פון ו ה כ ה נ י ם איז אַ מוזיקאַלישע אילוסטראַציע פון אינערלעכע שטאַרקע איבערלעבונגען, האַרציקע בענקעניש, שטאַרקן ווייטיק, תפלה צו גאָט און רעזיגנאַציע.

דאָס איז אַ ריינער גלות־פּראָדוקט, אַ ספּעציפישער יידישער אויס־דרוק. אין טענער, וואָס קיין שום אַנדערע אומה ולשון האָט עס ניט: גלות־ווייען, גלות־מעלאָדיעס.

### נוסח פון והכהנים ביי די ספרדים פון מיטעלן מזרח

גענומען פון אידלזאָן

## אָנמערקונג פאַר חזנים און בעלי־תפלות

אזאַ דערציילונג ווי והכהנים, וואָס שטעלט פאָר אזאַ הערלעך בילד פון אונדזער גליקלעכן עבר, קאָן מען בשום אופן ניט אָנטרויען סתם, אַ ניגון, נוסח אָדער גוסט. צו הייליק און צו טייער איז אונדז יענער ליבער עבר, וואָס ווערט דאָרט דערמאָנט, אַז מען זאָל דערלויבן יעדן חזן, יעדן בעל תפלה, צו אינטערפּרעטירן דעם והכהנים לויט זיין ווילן און פאַרשטאַנד. דאָס קאָן ברענגען צו שלעכטע אויסטייטשונגען און צו נאָך אַן ערגערער אינטערפּרעטאַציע און קאָן דערפירן צו אַ חילול־הקודש, צו אַ חילול פון די הייליקסטע נאַציאָנאַלע געפילן.

יעדער חזן אָדער בעל תפלה מוז זינגען דעם והכהנים לויט דער אָנגענומענער מעלאָדיע מקדמונים; דער חזן מוז וויסן און געדענקען אַז די מעלאָדיע איז ניט געשאַפן געוואָרן פון אַ מוזיקאַלישן מחבר, פון אַ יחיד, וואָס האָט פאַרשטאַנען לויט זיין מוזיקאַלישן חוש, אַזוי צו אינטער־פּרעטירן עס, ממילא איז עס ניט מטיני, און יעדער קאָן זיך דערלויבן צו זינגען ווי אים געפעלט.

די מעלאָדיע פאַר והכהנים איז געשאַפן געוואָרן פון דער בענקעניש, ליידן און האָפנונג פון אַ גאַנץ פאָלק זייט דורות; אין אָט־דער מעלאָדיע איז קאָנצענטרירט די שטאַרקע בענקעניש נאָך יענעם עבר, די אומבאַהאָלפנקייט, פאַרצווייפלונג, יסורים, צער און צאָרן פון גלות דער ווײ־געשרײ פון דורות אומשולדיק־פאַרפייניקטע; די רעזיגנאַציע און האָפענונג באַפרייט צו ווערן פון גלות און ווערן צוריק אַ פאָלק מיט פעל־קער גלייך אין ארץ־ישראל. דערפאַר איז די מעלאָדיע ביי אונדז הייליק און טייער, ווי הייליק און טייער עס איז אונדז די געדעכעניש פון דעם אַלע־מען, פון וועלכן די מעלאָדיע איז צוזאַמענגעשטעלט.

קאַפּיטל צוועלף

# נ ע י ל ה

**נעילה אין די צייטן פון תלמוד. ווען מען האָט געדאַוונט נעילה אין בית המקדש. נעילה אין גלות. סליחות און נעי־לה. נוסח פון די סליחות. די ספּעציעלע נגינה צו קדיש און אבות פון נעילה.**

---

נעילה — פאַרשליסן, פאַרענדיקן די תפלות פון יום הכפורים, איז די פאָרזעצונג פון די סליחות, וואָס מען זאָגט ביי דער עבודה.

אין די צייטן פון תלמוד אין בבל פלעגט מען דאַוונען תפלת נעילה ביי יעדן תענית צבור, פונקט ווי מען דאַוונט תפילת נעילה יום כפור.

ווען צו דאַוונען תפילת נעילה, האָבן די אנשי כנסת הגדולה באַ־שטימט אין דער צייט, ווען דער בית־המקדש איז געשטאַנען אויף זיין הויך, זאָל זיין, ווען מ׳וועט שליסן די טויערן פון בית־המקדש. נאָכן חורבן פון בית המקדש האָט מען מתקן געווען צו דאַוונען תפילת נעילה ווען עס ווערן פאַרשלאָסן די שערי שמים, די טויערן פון הימל, דאָס הייסט, ווען די זון פאַרגייט און די שטערן האָבן זיך נאָך ניט באַוויזן, און אַזוי ווי די טויערן פון בית־המקדש פלעגט מען פאַרמאַכן נאָכן אָנצינדן די ליכט פון פאַרנאַכט, דאַרף מען זאָגן נעילה, ווען די זון איז אויף די שפּיצן פון די ביימער.

## די סליחות פון נעילה

מען באַקלאָגט זיך פאַר גאָט: „מרובים צרכי עמך, ודעתם קצרה״, — עס זיינען גרויס די באַדערפעניש פון דיין פאָלק, ודעתם קצרה, — זייער דעת איז קליין, צו וויסן ווי און וואָס צו בעטן ביי דיר... ספו גם כלו יודעי פגיעה, — עס זיינען אויסגעגאַנגען און עס זיינען פאַרלענדט געוואָרן די

פּערזענלעכקייטן, וועלכע ווייסן ווי צו בעטן ביי דיר. ערומים נותרנו ורבתה הרעה, — מיר זיינען געבליבן נאַקעט, אָן גייסטיקע פירער און דאָס שלעכטס האָט זיך געמערט...

דאָס איז אַ נייע פאָרעם פון סליחה. דאָס, וואָס די הילף קומט ניט, איז ניט ווייל מען איז ניט געגנוג פרום, נאָר ווייל דאָס יידישע פאָלק ווייסט ניט ווי גאָט צו בעטן, און די גרויסע פערזענלעכקייטן, וואָס ווייסן דאָס יאָ, זיינען אויסגעשטאָרבן און פאַרלענדט געוואָרן. דאָס פאָלק איז נאַקעט און אָן פירערס; האָט זיך געמערט דאָס שלעכטס.

אויסטערליש און אָריגינעל צווישן די סליחות איז דער פּזמון: „א״ד א״ד אל רחום וחנון״.

אזכרה אלהים ואהמיה, — איך טו געדענקען, גאָט, און טו ברומען פון ווייטיק און פאַרדראָס, בראותי כל עיר על תלה בנויה, — ווען איך זע, ווי אַלע שטעט זיינען געבויט אויף זייער הויך, ועיר האלהים, און גאָט שטאָט, איז דערנידעריקט ביז דעם אונטערשטן גרוב, — עד שאול תחתיה, ובכל זאת אנו ליה ועינינו ליה, — און פונדעסטוועגן רופן מיר צו גאָט און אונדזערע אויגן זיינען געווענדט צו גאָט.

מען פילט אין די ווערטער דעם פאַרדראָס אויף גאָט, וועלכער דערלאָזט, אַז אַלע שטעט זאָלן זיך בויען אויף זייער געהעריקער הויך, און זיין שטאָט האָט ער דערנידעריקט ביז דעם אונטערשטן גרוב. דעריבער וואָלט מען דאָך ניט געדאַרפט דערמאָנען גאָטס נאָמען... פונדעסטוועגן: אנו ליה ועינינו ליה... און דאָן בעט מען, די מדת הרחמים זאָל זיך פאַר אונדז אָננעמען. מדת הרחמים עלינו התגלגלו, ולפני קונך תחינתנו הפילי, — און פאַר דיין באַשעפער מאַך פאַלן אונדזער געבעט, בעט רחמים פאַר דיין פאָלק, ווייל די הערצער טוען זיי ווי און אַלע קעפּ זיינען קראַנק.

דאָס איז אַן איבערחזרונג פון דער סליחה „מלאכי רחמים״ פון סליחות ליום שני (זע אויבן), אָבער די מאָטיוון זיינען אַנדערע: ניט ווייל גאָט וויל אונדז ניט הערן, נאָר ווייל מען קאָן ניט בעטן גאָט צוליב דעם, וואָס די הערצער טוען ווייי און די קעפּ זיינען קראַנק... פון גלות.

דאָן קומט אַ תפלה, אַז יידישע טרערן זאָלן ניט פאַרלאָרן גיין: „יהי רצון מלפניך שמוע קול בכיות, שתשים דמעותינו בנאדך להיות״, — זאָל זיין דער ווילן פאַר דיר, וואָס דו הערסט דאָס קול פון געוויין, זאָלסט צוזאַמענגעמען אונדזערע טרערן אין דיין לאָגל און זאָלסט אונדז ראַטעווען פון גזרות רעות, ווייל צו דיר אַליין זיינען אונדזערע אויגן געווענדעט...

דאָס איז כמעט די איינציקע תפלה וועגן יידישע טרערן, אַז גאָט זאָל זיי צוזאַמענקלויבן אין זיין לאָגל, להיות, צו זיין. יידיש בלוט און יידישע טרערן, ווי הייליק זיי זיינען. פאַר יידיש בלוט וועט גאָט נעמען נקמה, וינקום לעינינו נקמת דם עבדיו השפוך... און די טרערן וועט ער האַלטן אין זיין לאָגל...

די גאַנצע סליחות פון נעילה איז אַן אָפענער און האַרציקער שמועס מיט גאָט. מען בעט: היות ווי מען איז אָרעם אין גייסטיקע קרעפטן, כי פס מליץ כשורה, — עס האָט זיך אויסגעלאָזט אַ רעכטפאַרטיקער מליץ, טאָ נעם־אָן אונדזער געבעט ווי עס איז, שרייב אונדז אָן לחיים און באַ־גיטיק אונדז די חתימה תחוקקנו לחיים, ותטיב לנו החתימה.

## די נגינות אָדער דער מוזיקאַלישער נוסח פון נעילה

די נגינה פון אבות צו נעילה איז דער שטאַרקסטער ווײ־געשריי פונעם ייִדישן פאָלק ביים ענדיקן די תפלות פון יום כפור.

אין אָט־דער נגינה האָט זיך קאָנצענטרירט און פאַראייניקט דער טויזנט־יאָריקער ייִדישער פּראָטעסט, דער טויזנט־יאָריקער ייִדישער ווײ־געשריי, און די טויזנט־יאָריקע ייִדישע תפלות.

די נגינה איז אַזוי מאָנעריש, אַזוי צודרינגלעך; די טענער זיינען אַזעלכע הויכע, די פאַרצווייפלונג אַזוי גרויס, אַז די מענטשלעכע שטימע קאָן עס כמעט ניט אויסהאַלטן. דער חזן שטרענגט זיך אָן ביזן מאַקסימום אויסצוזינגען די נגינה פון די אבות ביז מחיה המתים... דער עולם ווערט מיטגעריסן מיטן חזנס זינגען און זינגט מיט: ׳ איי... איי... איי...! דער נגון באַהערשט די שטימונג אין שול. און די שטימונג איז שטאַרק גע־שפּאַנט, די אַטמאָספער איז אַ רעליגיעז־מיסטישע. די אויסגייענדיקע נשמה־ליכט אין די קאַסטנס פול מיט זאַמד און ביים עמוד; דער בין־השמשות, דער זון־פאַרגאַנג, די ערנסטקייט פון די מתפללים, זייער פאַרמאַטערט־קייט פונעם פאַסטן און תפלה־טאָן, — דאָס אַלץ ווירקט נאָך מער אויפן אויסדרוק פון די טענער פון דער נגינה. און די טענער אָנשטאָט ווערטער (ווייל ווערטער זיינען צו גשמיותדיק, צו פּראָזאַאיש) טענהן זיך אויס מיט גאָט, מאָנען ביי אים, בעטן אים און רעדן זיך אַראָפּ פון האַרצן: מיר פאַסטן שוין טויזנטער יאָר אין דעם יום הקדוש והטהור, מיר ליידן אַלס ייִדן צוליב דיין נאָמען, מיר האַלטן אין איין בעטן ביי דיר רחמים, מיר האָבן שוין ניט קיין פיזישן און גייסטיקן כח אויסצוהאַלטן די צרות פון גלות. על כן: העלף! העלף! ווייל נאָר דו איינער, דו אַליין, קאָנסט אונדז העלפן.

אַ ספּעציעלער נוסח איז דאָ צו „פּתח לנו שער, היום יפנה און אנא אל נא. דאָן צו אנקת מסלדיך, ישראל נושע ב״ד, יחביאנו צל ידו און ישמיענו סלחתי. דער פּזמון א״ד־א״ד קומט אין נוסח פון סליחות און „אהבה־רבה״־גוסט. און ביז ענדע קומט אין ימים־נוראים־גוסט.

פאַר תתקבל בלאָזט מען שופר, נאָר אַ תקיעה גדולה. דאָס איז אַן אָנ־זאָג, אַז די תפלות פון יום כפור האָבן זיך געענדיקט, אַז מען האָט אין דעם טאָג מנצח געווען דעם שטן, און אַז מען וועט דערלעבן צו הערן דעם שופר של משיח צו זיין לשנה הבאה בירושלים.

קאפיטל דרייצן

# כוהנים - נגונים ביים דוכנען

**דוכן אין בית המקדש. די ברכה, מיט וועלכע די כהנים האָבן געבענטשט דאָס פאָלק. די ברכה פון די כהנים אין גלות. דער מנהג צו זאָגן אַ תפלה וועגן חלומות אין דער צייט, ווען די כהנים דוכענען. די נגינים, וואָס די כהנים זינגען ביים דוכענען. חסידישע נגונים ביים דוכענען.**

---

ברכת־כהנים איז איינע פון די פיל מנהגים פון בית־המקדש, וואָס די חכמים האָבן איינגעפירט, מען זאָל עס אויך דורכפירן אין די מקדשי מעט, אין די שולן און בתי מדרשים, אין די טעג פון שלש רגלים און ימים־נוראים.

אין בית המקדש איז געווען אַ הויכער, אַן אָנזעעוודיקער אָרט, געמאַכט ספּעציעל פאַר כהנים, וואו זיי זאָלן זיך אַוועקשטעלן צו בענטשן דאָס פאָלק. דאָס האָט מען אָנגערופן „דוכן"... פון דאַנען נעמט זיך, וואָס מען זאָגט: כהנים דוכנען.

די ברכה, מיט וועלכער די כהנים האָבן געבענטשט דאָס פאָלק ווען זיי זיינען געשטאַנען אויפן דוכן־אָרט אין בית המקדש איז געווען: אשר קדשנו בקדשתו של אהרן וצונו לברך את עמו ישראל בהויה — וואָס דו האָסט אונדז געהייליקט מיט דער הייליקייט פון אהרן און האָסט אונדז אָנגעזאָגט צו בענטשן זיין פאָלק ישראל מיט דיין נאָמען.

אין גלות האָט מען געביטן דעם נוסח און מען זאָגט „לברך את עמו ישראל באהבה". דאָס וואָרט באהבה פאַרבייט דעם שם־המפורש.

צוליב דעם וואָרט „אהבה", מיט וועלכן די כהנים ענדיקן די ברכה, מוז זיין אַ קעגנזייטיקע אהבה צווישן די כהנים, וואָס דוכנען און די מתפּללים. אויב אַ כהן האָט אַ שונא אָדער שונאים צווישן די מתפּללים, אָדער דער כהן איז אַ שונא פון איינעם אָדער איניקע פון די מתפּללים, טאָר ער ניט אַרויפגיין דוכנען.

א ברכה ווערט מקוים, ווען זי קומט פון א פריינט, פון אן אויפריכ־טיקער פריינטשאפט...

די ברכה פון די כהנים איז א דרייפאכע (ברכה משלשלת) און איז גע־שריבן אין דער הייליקער תורה דורך משה (בתורה הכתובה על ידי משה). זי פאנגט זיך אן: יברכך א״ד וישמרך, — גאט זאל דיר בענטשן און היטן. יאיר א״ד פניו אליך ויחנך, — גאט זאל לייכטן זיין פנים צו דיר און זאל דיך לייטזעליקן, ישא א״ד פניו אליך וישם לך שלום, — גאט זאל ווענדן זיין פנים צו דיר און זאל דיר טאן שלום.

ביי די לעצטע ווערטער פון יעדער איינער פון די ברכות: וישמרך, ויחנך און שלום זינגען די כהנים א ניגון און דער עולם זאגט אין דער צייט, וואס זיי זינגען, פאלגענדע תפילה: רבונו של עולם, אני שלך וחלומותי שלך, חלום חלמתי, ואינו ידוע מה הוא, — איך בין דיינער און מיינע חלומות זיינע דיינע. עס האט זיך מיר געחלומט א חלום און איך וויים ניט וואס ער איז. זאל זיין דער ווילן פאר דיר, אונדזער גאט, אז אלע חלומות וועגן מיר און וועגן כלל־ישראל זאלן זיין צום גוטן...

דעם מנהג צו זאגן די תפלה וועגן חלומות אין דער צייט, ווען די כהנים דוכנען, האט מען מתקן געווען פון א מאמר חז״ל אין גמרא ברכות, דף נ״ה, ע״ב.

דארט זאגט די גמרא: „אמימר ומר זוטרא ורב אשי הוי יתבי בהדי הדדי, פתר חד מנייהו ואמר: האי מאן דחזא חלמא ולא ידע מאי חזא, ליקום קמי כהני בעידנא דפרסיה ידייהו, ולימא הכי: רבונו של עולם, אני שלך וחלומותי שלך״.

אמימר, מר זוטרא און רב אשי זיינען געזעסן צוזאמען. האט איינער פון זיי אנגעהויבן צו רעדן און אזוי געזאגט: „דער, וואס האט געזען א חלום און ווייסט ניט, וואס ער האט געזען, זאל ער אויפשטיין פאר די כהנים ווען זיי פארשפרייטן זייערע הענט (ווען זיי דוכנען) און זאל זאגן: רבונו של עולם, איך בין דיינער און מיינע חלומות זיינען דיינע... א. א. וו.

די נגונים, וואס די כהנים, ווען זיי דוכנען, זינגען ביי די לעצטע ווער־טער פון יעדער ברכה, זיינען צוגעפאסט צו דער ערנסטקייט פון דעם מא־מענט. און דער מאמענט איז ערנסט, סיי צוליב די ברכות פון די כהנים און סיי צוליב דעם וואס מען פירט דורך דעם מנהג פון בית המקדש צו בענטשן דאס פאלק. דאס דערמאנט אויך די הערלעכע ימים־טובים פון ארץ ישראל מיט זייער שיינער טראדיציע פון עולי לרגל קיין ירושלים.

אין א סך נגונים פון ברכת כהנים, וואס שטאמען פון אלטע קהלות, געפינט מען שפורן פון אלטקייט. גאנץ מעגלעך, אז זיי האבן אין זיך אן עכא, אן אפקלאנג פון יענע הערלעכע נגונים, וואס מען האט געזונגען אין בית המקדש ביים בענטשן דאס פאלק, ווען עס זיינען געווען כהנים בעבודתם ולוים בשירם ובזמרם.

## כהנים נגון געזונגען אין באַרדיטשעוו

גענומען פון ווילנער מוזיקאַלישן פנקס.



דער ריטם פון די נגונים איז אַ לאַנגזאַמער און ווערט געזונגען פון די כהנים מיט רעליגיעזער התלהבות.

פאַר דער צייט פון גלות האָבן זיך געשאַפן גאָר אַ סך נגונים צום דוכנען פאַר די כהנים. כמעט יעדע שטאָט און יעדעס שטעטל, יעדער יידי־שער קבוץ האָט געהאַט זיין נגון צום דוכנען. אַזוי אַרום איז די צאָל פון די נגונים זייער גרויס און איז אַן אומגעהויער־רייכער און פילפאַרביקער מאַ־טעריאַל פאַרן קומענדן יידישן מוזיקאַלישן גאון.

רייך אין מעלאָס און פאַרשידן אין ריטם זיינען די חסידישע כהנים־נגונים ביים דוכנען. יעדע חסידישע דינאַסטיע, יעדער חסידישער קבוץ, יעדעס חסידישע שולכל, האָט געהאַט זיין ספּעציפישן נגון פאַר כהנים־דוכנען, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער חסידישן ברען, רע־ליגיעזן עקסטאַז און אהבת־הבורא.

ביי די ליובאַוויטשער חסידים איז געווען סיי דאָס בענטשן דאָס פאָלק באהבה און סיי דאָס זינגען ביי די לעצטע ווערטער פון די דריי ברכות

## כהנים נגון פון ליובאַוויטשער חסידים

גענומען פון ווילנער מוזיקאַלישן פנקס.



אש להבה, פלאַם־פייער; יעדער טאָן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פייער־דיקן שטאַפּל און דער גאַנצער נגון אין אַ פייערדיקן לייטער, אויף וועלכן מען האָט זיך דערהויבן צו באַהעפטן זיך מיט דער שכינה.

**נוסח פון כהנים דוכנען פון די ספרדים פון מיטעלן מזרח**

**גענומען פון אידלזאָן**




אין די לענדער פון גרויסער יידישער אימיגראַציע, ווען כהנים פון פאַרשידענע קהלות און לענדער, פון פאַרשידענע חסידישע דינאַסטיעס און קבוצים, שטעלן זיך יום־טוב אָדער ימים נוראים דוכנען יעדער מיט זיין נגון, שאַפט זיך אַזאַ מיש־מאַש, אַז זייער דוכנען רופט אַרויס געלעכ־טער ביי די מתפללים און צעשטערט די ערנסטקייט פון דעם מאָמענט פון ברכת־כהנים.

קאַפּיטל פערצן

# זמירות לשבת אין דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט

זמירות — רעליגיעזע פּאָעזיע. דער מנהג צו זינגען זמי־רות ביי שבתדיקע סעודות. קדושת שבת אין יידישע שטובן. שולן און בתי מדרשים ווערן פאַרוואַנדלט אין קע־ניגלעכע פּאַלאַצן מקבל צו זיין דער שבת מלכתא. מלא־כים באַגלייטן דעם ייד פון שול צו זיין שטוב. קדוש השבת. סעודות לשבת. שבת — גאָטס מתנה צו די יידן. ערב שבת אין צפת אונטער דער השפעה פון אר״י הקדש. קבלת שבת באַגלייט מיט כלי זמר. קבלה־מעשיות ביי די אשכנזים האָבן פאַרבאָטן צו זינגען נגונים צו קבלת שבת. רב ישראל בעל־שם האָט צוריק איינגעפירט צו זינגען נגונים לכבוד שבת. נגינות צו זמירות לשבת און זייער ספּעציפישער כאַראַקטער. פרעמדע מוזיקאַלישע עלעמענ־טן אין די נגינות פון זמירות. זמירות לשבת ביי די מקובלים און חסידים. די דריטע סעודה פון שבת.

---

ז מ י ר ו ת, דאָס זיינען פּיוטים, רעליגיעזע פּאָעזיעס, באַשטימט צו זינגען אויפגעלייגטערהייט, מיט אַ פריילעך האַרץ ביי די שבתדיקע סעודות.

דער מנהג צו זינגען זמירות ביי די שבתדיקע סעודות איז ציטירט אין מדרש שיר השירים, וואָס זאָגט: אזו איז דער מנהג ישראל: זיי עסן, טרינקען, זיינען זיך משמח און זינגען שירים ותשבחות צו גאָט.

דער דערמאָנטער מדרש האָט זיך גערעכנט אין די צייטן פון תלמוד צווישן די אַלטע מדרשים, אזוי אַז דער מנהג ביי יידן צו זינגען זמירות צו די שבתדיקע און יום־טובדיקע סעודות איז זייער אַן אַלטער.

זמרה שלעפּט אַרויס דעם יידן פון זיין הור־האַ־לעבן און דערהויבט אים צו העכערע וועלטן. דערוועקט אין אים אַ דערהויבענעם געפיל צו אמתער תפלה און יראת שמים. דורך זמרה דערהויבט דער ייד זיינע שבתים און ימים טובים.

עס איז זיך בכלל שווער פאָרצושטעלן אַ יום טוב ביי יידן, אַ רעלי־גיעזער אָדער נאַציאָנאַלער, צי סתם אַ יידישע שמחה, אָן שירה וזמרה, איבערהויפּט שבת, ווען עס פילט זיך מער דער כח פון נגינה, פון זינגען ביי יידן.

זינגט אַרויס דער שבת פון דעם יידן פון דעם מאָמענט אָן, ווען ער הויבט זיך אָן צו גרייטן צום שבת.

דאָס צוגרייטן זיך מקבל שבת צו זיין פאַנגט זיך אָן ביים יידן ערב שבת אַ סך פריער איידער די זון פאַרגייט און ווערט צוגעגרייט מיט אַזוי פיל חן, מיט אַזויפיל זאָרגפעליקייט, מיט אַזוי פיל ליבע, ווי דאָס צוגרייטן זיך אויפצונעמען אַ ליבע בת־מלכה. אין די שטובן איז אַלץ אויפגעראַמט, אַלץ זויבער און ריין, די סביבה איז איבערפולט מיט שבתדיקער קדושה וועלכע ווערט נאָך מער בולט דורך דער פייערלעכקייט פון די געבענטשטע שבת־ליכט, וועלכע באַהנען די שטוב און לייכטן־אַרויס אַזוי חנעוודיק דורך די פענצטער.

די גאַסן זיינען פול מיט שבתדיק־געקליידטע יידן, וואָס גייען אין די שולן און בתי־מדרשים מקבל שבת זיין.

די שולן זיינען ווי קעניגלעכע פּאַלאַצן, אויפגעראַמט און פול מיט ליכט, צוגעגרייט מקבל שבת מלכתא צו זיין, און נאָך פאַר זון־פאַרגאַנג קומט אָן מאַיעסטעטיש די שבת־מלכה. און אַלע יידן, פול מיט אינערלעכער פרייד, באַגריסן פייערלעך דער שבת־מלכה און מען לאַדט זי איין זייער העפלעך: בואי כלה, קום אַריין כלה, בואי כלה לשלום, קום אַריין כלה צו פרידן, קום אַריין שבת־קעניגן. און יידן צעזינגען זיך: לכה דודי לקרת כלה... פני שבת נקבלה.

דאָס אַריינקומען פון דער שבת־קעניגן באַשטראַלט די יידן מיט קדושה און מנוחה.

קומענדיק פון שול אָן עמאָציאָנירטער פון קדושת שבת, הויבט אָן דער ייד צו זינגען זיין ערשטן זמר צו שבת מלכתא. דאָס ערשטע גיט ער אָפּ אַ ברייטן שלום עליכם די מלאכים, וואָס האָבן אים באַגלייט פון שול אַהיים (לויט אַן אגדה), און זינגענדיק, באַגלייט ער זיי אַרויס מיטן צאתכם לשלום מלאכי השלום. ער זינגט די שיינע פּאָעמע „אשת־חיל מי ימצא" צו זיין ליבער פרוי און גרייט זיך צו מאַכן קדוש.

אין שטוב איז ליכטיק און ציכטיק. דער ריח פון די שבתדיקע מאכלים פולן אָן די שטוב מיט שבתדיקייט.

וועגן דעם זאָגט רב יוסי ב"ר יהודה (שבת קי"ט): ווען אַ ייד גייט

פון שול אַהיים נאָך קבלת שבת, באַגלייטן אים צוויי מלאכים, איינער אַ גוטער און דער צווייטער אַ שלעכטער. אויב זיי טרעפן ביי דעם ייד אין שטוב די ליכט לייכטן, דעם טיש געגרייט, דאָס בעט פאַרבעט, זאָגט דער גוטער מלאך: זאָל זיין דער ווילן פון גאָט, אַז דער קומענדער שבת זאָל אויך זיין אַזוי. און דער שלעכטער מלאך ענטפערט: „אמן" איבער־געוואָלד. טאָמער טרעפן זיי ניט דאָס אויסגערעכנטע, זאָגט דער שלעכ־טער מלאך: אַזוי זאָל זיין דער קומענדיקער שבת און דער גוטער מלאך ענטפערט „אמן" איבערגעוואָלד.

קדוש — הייליקן, דאָס הייסט: הייליקן דעם טאָג שבת. מיט אַ כוס וויין, כדי מקיים צו זיין די מצוה פון „זכור את יום השבת לקדשו", געדענק דעם טאָג שבת צו הייליקן אים.

גיסט אָן דער ייד דעם כוס וויין און דערציילט: יום הששי, אין זעקסטן טאָג פון באַשאַף, זיינען פאַרענדיקט געוואָרן אַלע שאַפונגען, און גאָט האָט געענדיקט דעם 7־טן טאָג זיין אַרבעט, וואָס ער האָט גע־טאָן און האָט גערוט אין דעם 7־טן טאָג פון אַלע זיינע אַרבעטן וואָס ער האָט געטאָן. און גאָט האָט געבענטשט דעם 7־טן טאָג און האָט אים גע־הייליקט, ווייל אין אים האָט ער גערוט פון זיין אַרבעט, וואָס ער האָט באַשאַפן.

דאַן מאַכט ער אַ ברכה בורא פּרי הגפן איבערן כוס וויין און דאַנקט גאָט, וואָס ער האָט אונדז געהייליקט מיט זיינע געבאָטן און האָט אונדז געשאָנקען דעם הייליקן שבת, וואָס איז דער אָנדענק פון וועלט־באַשאַף, ער איז דער ערשטער טאָג צו אַלע ימים טובים, וואָס זיינען אַן אָנדענק צו יציאת מצרים, „ווייל דו, גאָט, האָסט אונדז אויסדערוויילט און אונדז געהייליקט פון אַלע פעלקער, און דעם הייליקן שבת מיט ליבע און גוטן ווילן האָסטו אונדז געשאָנקען, געבענטשט זאָלסטו זיין, וואָס הייליקסט דעם שבת".

און עס פאַנגט זיך אָן די סעודת שבת מיט די ספּעציפישע שבתדיקע מאכלים. וועגן דער באַטעמטקייט פון די שבתדיקע מאכלים, דערציילט די גמרא (שבת קי"ט): דער קייסער פון רוים האָט געפרעגט ביי רבי יהושוע בן חנניה, פאַר וואָס ס'זיינען ביי יידן די שבתדיקע מאכלים אַזוי געשמאַק און אַזוי באַטעמט. האָט אים רבי יהושוע געענטפערט: „מיר האָבן אַזאַ געווירץ, וואָס הייסט שבת, לייגן מיר אים אַריין אין די מאכלים און דאָס עסן איז געשמאַק און שמעקט גוט". זאָגט צו אים דער קייסער: „גיב מיר פון דעם געווירץ". האָט אים יהושוע געענטפערט. אַז עס העלפט נאָר דעם יעניקן, וואָס היט אָפּ שבת, אָבער דעם, וואָס היט ניט אָפּ שבת, דעם העלפט עס ניט...

אין דער שבתדיקער סעודה אין אַלגעמיין און אין יעדן מאכל באַ־

זונדער איז דאָ אַזאַ מין רוחניות וואָס מאַכט עס געשמאַקער און באַ־טעמטער.

דער בעסערער ביסן פון בשר ודגים וכל מחמדים איז ביי די יידן געווען מער פאַר דער נשמה ווי פאַרן גוף.

ביים שבת־טיש האָט געהערשט התרוממות הנפש, גייסטיקע דער־הויבונג. און פון אָט דערהויבונג האָט זיך ספּאָנטאַן געלאָזט הערן פון אַלעמענס הערצער אַ הייליק געזאַנג צו שבת, זמירות לשבת, וואָס האָט אָנגעפילט די יידישע שטובן מיט קדושת און שמחת שבת. ישמחו במל־כותך שומרי שבת, לאָמיר זיך פרייען מיט דיין קעניגרייך, מיר, די, וואָס היטן שבת...

ווייל שבת איז אַ גוטע מתנה פון גאָט צו די יידן. אמר לו הקדוש ברוך הוא למשה, גאָט האָט געזאָגט צו משה, מתנה טובה יש לי בבית גנזי ושבת שמה, אַ גוטע מתנה האָב איך אין מיין אַרכיוו, ואני מבקש לתנה לישראל, און איך וויל עס אַוועקגעבן צו די יידן. לך והודיעם, גיי און גיב זיי צו וויסן (שבת י' און ביצה ט"ז). ויברך אלהים את יום השבת ויקדש אותו והנחילו לעם ישראל, און גאָט האָט געבענטשט דעם שבת און האָט אים געהייליקט און אים איבערגעגעבן צו די יידן.

פון מאָמענט, ווען עס קומט דער שבת, קומט רו צו די יידן, באה שבת באה מנוחה (סנהדרין ל"ח). און דאָס רוען דעם טאָג שבת באַנייט די יידישע גייסטיקע און פיזישע כחות.

שבת ברענגט דעם יידן צו התרוממות־הנפש און דערנענטערט אים צו גאָט.

פאַר דעם ייד איז דער שבת אַ רעטונגס־אינדזל אינעם רוישיקן ים פון זאָרגן און דער איינציקער ליכטיקער שטראַל אינעם פינצטערן גלות.

ביים אַריינגיין אין קדושת שבת קומט צום ייד זיין נשמה־יתרה; אַ ניי לעבן פליסט אין אים אַריין, וואָס ברענגט אים צו זעלישער רואיקייט און אהבת הבורא.

אונטער דער השפעה פון אר"י הקדוש (אינעם 16־טן יאָרהונדערט), האָט מען אין צפת, וואו דער אר"י האָט געוואוינט, געזונגען אַ סך פּזמו־נים צו אַלע סעודות פון שבת. פון צפת האָט זיך פאַרשפּרייט דער מנהג אין אַלע יידישע קהלות בכל תפוצות ישראל, צו זינגען צו קבלת שבת. דער ענטוזיאַזם איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט אָנגעהויבן מקבל שבת צו זיין באַגלייט מיט כלי זמר און געזאַנג. און נאָך פאַר ענדע פונעם 18־טן יאָרהונדערט פלעגן אַ סך קהלות מקבל שבת זיין אין די שולן, באַגלייט מיט כלי־זמר און כאָר פון לכו נרננה ביז בואי בשלום.

ווען עס האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן די אשכנזים די קבלה־מעשיות, וואָס האָט געפּרעדיקט צו פּלאָגן דעם גוף און צו דערווייטערן זיך פון דער פרייד פון לעבן, כדי אַזוי אַרום צו דערנענטערן דעם קץ פון גלות, האָט

מען פארבאַטן מקבל שבת זיין מיט מוזיק; מען האָט אפילו דעם חזן פאַרבאָטן צו זינגען נגונים צו קבלת־שבת.

נאָך גזרת ת״ח האָט מען מתקן געווען, אז אַ חזן מעג זינגען ביז דריי נגונים לכבוד שבת און פיר נגונים צו די פיר פרשיות: זכר, שקלים, פרה, חדש.

די חסידים פון בעל־שם האָבן אומגעקערט די שמחה צו שבת, האָבן צוריק געעפנט פאַרן שבת די טויערן פון נגינה און אָנגעפולט צוריק די יידישע שטובן מיט נגינה און שמחת שבת.

## די נגינות צו די זמירות לשבת

די נגינות און זמירות לשבת האָבן אַ גאַנץ אַנדערן מוזיקאַלישן אינהאַלט און טראָגן אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער, ווי די נגינות פון די רעליגיעזע פיוטים, וואָס מען זינגט אין די שולן שלש רגלים, ימים נוראים און אין די פיר שבתים: זכר, פרה, שקלים, חדש. די נגינות פון זמירות לשבת זיינען באַשטראַלט מיטן ספּעציפישן גייסט פון קדושת שבת און כאָטש עס מערקט זיך אין זיי אַ געוויסע השפּעה פון דער סביבה, ווערט עס אָבער בטול, ווייל די יידישע נשמה איז אין דעם טאָג שבת איינגעוויקלט אין קדושת שבת. איז דאָך שבת דער שורש פון אַלע קדושות.

די נגינות פון די זמירות לשבת זיינען רהבותדיקע, האָפּערדיקע, מיט אַ באַוועגלעכן ריטם, וואָס דריקט אויס די פרייד פון זיין אַ ייד.

צו דעם האָט מיטגעווירקט די פיזישע און גייסטיקע רואיקייט פון דעם ייד אין דער סביבה פון קדושת שבת; די זאָרגלאָזיקייט, די ספּעציעלע באַטעמטע מאכלים, די זעטיקייט פון די שבתדיקע סעודות; דאָס פילן זיך גוט צו זיין אַ ייד; די שטאַרקע אמונה און אומבויגזאַמער בטחון, וואָס פילט אָן דעם ייד מיט גייסטיקער גבורה און דער אינהאַלט פון די זמירות וואָס זאָגן צו אַ גרויסן לוין פאַר די יעניקע, וואָס היטן אָפּ שבת ווי עס באַדאַרף צו זיין. כל מקדשי שביעי כראוי לו, כל שומר שבת כדת מחללו, שכרו הרבה מאד על פי פעלו... — דער וואָס היט אָפּ שבת ווי ס'איז דער דין ניט צו פאַרשוועכן אים, איז זיין שכר זייער גרויס לויט זיין טואונג. אויך די זמירות: „אזמר בשבחין״, „מנוחה ושמחה״, „מה ידידות״, „יה רבון עלמין״, וואָס מען זינגט פרייטיק־צו־נאַכט ביי דער סעודה, ווי אויך די זמירות, וואָס מען זינגט שבת ביי דער מיטיקדיקער סעודה, אַזעלכע ווי: „אסדר לסעודתא״, „ברוך א״ד יום יום״, „ברוך אל עליון״, „יום זה מכובד מכל הימים״, „יום שבתון אין לשכוח״, „כי אשמרה שבת״, „שבת היום ל״ד״, „ישמחו במלכותך שומרי שבת״ און אַנדערע האָבן פון זיך זעלבסט, פון זייער אינהאַלט און פון דער סביבה, אַרויסגעגעבן זייער ספּעציפישן שבתדיקן מעלאָס און ריטם, ווי אויך די פאָרם פון זינגען;

פונקט ווי צייטיקע בלומען און צייטיקע פרוכט גיבן ארויס פון זיך זייערע ספעציפישע געשמאקע ריחות.

די יידן האָבן געזונגען זייערע זמירות, ברייטהאַרציק, רחבותדיק, מיט אַ סך התלהבות. דער גלות איז צעשמאָלצן געוואָרן פון קדושת שבת. אויס גלות! ווי גוט און וואויל ס'איז צו זיין אַ ייד! ווערט דער געזאַנג שטאַר־

## ישמחו במלכותך

גענומען פון ווילנער מוזיקאַלישן פנקס.



קער, לעבעדיקער; ווערן די שטובן אָנגעפילט מיט געזאַנג און פרייד, וואָס טראָגט זיך אויך אַריבער אין די גאַסן.

במשך פון אַ סך הונדערטער יאָרן איז דאָס זינגען זמירות לשבת געווען ביי יידן אַ קוואַל פון שמחה און גייסטיקן גענוס, וועלכעס האָט פאַרוואַנדלט די שבתדיקע סעודות אין אַ מין עבודה צו גאָט.

די צאָל זמירות לשבת, וואָס איז געדרוקט אין די סדורים, איז ניט גרויס; זיי זיינען אָבער רייך אין אינהאַלט און פאַרמאָגן זייער אַ סך מעלאָדיעס מיט פאַרשידענע ריטמען. כמעט יעדער זמר אָדער פזמון האָט אין די צענדליקער פאַרשידענע מעלאָדיעס, וועלכע ווערן געזונגען אין פאַר־שידענע טעמפּאָס, אָבער אַלע האָבן אין זיך התלהבות און אַ ניצוץ פון קדושת שבת.

א גרויסע טייל פון די מעלאָדיעס צו די זמירות האָט מען גענומען מין החוץ, פון דער פרעמדער סביבה, און זיי צוגעפּאַסט צו זינגען מיט זיי די זמירות לשבת.

על פּי רוב זיינען די צופּאַסער פון די מעלאָדיעס ניט געווען קיין גרויסע מוזיקאַלישע מבינים און אויך ניט קיין גרויסע איבערקלייבער. מען האָט גענומען מעלאָדיעס פון דער פרעמדער סביבה, וואו מען האָט גע־לעבט, און מיט זיי אָנגעקליידט די זמירות. די מעלאָדיעס האָבן זיך מיט דער צייט פאַרהיימישט און געהייליקט אין קדושת שבת און זיינען פאַר־בליבן אַלס ייִדישע ניגונים צו זינגען זמירות לשבת.

## יה רבון

גענומען פון ווילנער מוזיקאַלישן פּנקס.

yo ri bon o lam v ol ma yo ant hu mal ko me lej mal gajo
o rad gvurtej ve tim. ja yo s'per ko do moj l' haf va yo
Sero fra a sa der zaq ro y'ram so loj e lo ho ka di salo di bro nel nay.
Sero i rin ka di sim uv ne e no s'o de ras bro tafe - salma yo.

דאָס זעלבע האָט פּאַסירט מיט די מעלאָדיעס, וואָס ייִדישע פּרימי־טיווע אַנאָנימע קאָמפּאָזיטאָרן האָבן געשאַפן אין מיטלאַלטער. זיי זיינען אויך געטובלט און געהייליקט געוואָרן אין קדושת שבת.

דאָס צופּאַסן מעלאָדיעס מן החוץ צו די זמירות לשבת איז ניט גע־

ווען קיין נייע דערפינדונג פון גלות; דאָס שטאַמט פון גאָר אַלטע צייטן, פון די צייטן, ווען מען האָט ביי יידן גענומען פאַרפאַסן זמירות לשבת.

דעמאָלט זיינען געווען זייער ווייניק יידישע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזי־טאָרס. האָבן די פּייטנים, די מחברים פון די זמירות, אַליין, ביים שאַפן, אין געדאַנק זיי צוגעפּאַסט צו אַ געוויסער באַקאַנטער מעלאָדיע, וואָס איז זיי געווען גוט באַקאַנט, און נאָכהער האָט מען מיט דער מעלאָדיע, מיט דעם ניגון, געזונגען די פון זיי געשאַפענע זמירות־פּיוטים. אויף אַ סך פון די זמירות איז פונעם מחבר־פּייטן אָנגעוויזן מיט וועלכער באַקאַנטער מעלאָ־דיע מען זאָל זיי זינגען. ווייל ביים שאַפן די זמירות האָבן זיי צוגעפּאַסט די ווערטער מיט זייער אינהאַלט צום ריטם און מעלאָס פון דער און דער פּאָ־פּולערער מעלאָדיע.

דער פּייטן (רעליגיעזער פּאָעט) רב מנחם די לינזו שרייבט: „איך האָב אַ וויכטיקן גרונד צו מחבר זיין דאָס רוב פון מיינע שירים לויט די מעלאָדיעס פון די ישמעאלים, ווייל זיי זינגען אויף הויכע טענער.

אין אַ גרויסער טייל פון די זמירות לשבת פילט מען, אַז דער מחבר זייערער האָט קאָנצענטרירט, מעלאָדיזירט און ריטמיזירט די ווערטער פון זיין שיר צו אַ ניגון, וואָס ער האָט געקאָנט און מיט וועלכן מען האָט דעם שיר שפּעטער געזונגען. אין דער צייט פון וואַנדערן אין גלות איז דער אָריגינעלער ניגון פאַרגעסן געוואָרן. האָט מען אין יעדן לאַנד און אין יעדן ישוב, וואו יידן האָבן זיך באַזעצט, צוגעפּאַסט אַ באַקאַנטע מעלאָדיע מן החוץ, פון דער סביבה, צו די זמירות און מיט דעם ניגון געזונגען דעם זמר לשבת.

דאָס צופּאַסן פרעמדע מעלאָדיעס צו די זמירות לשבת האָט אָנגע־האַלטן במשך אַ לאַנגער צייט. ווייל צוליב דעם וואַנדערן פון לאַנד צו לאַנד איבער די שרעקלעכע רדיפות, וואָס די יידן האָבן געליטן, האָט זיך ניט געקאָנט אויסקריסטאַליזירן קיין אַלגעמיינער מוזיקאַלישער נוסח פון זמי־רות לשבת אויף שטענדיק, אַזוי ווי עס האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט די נוסחאות און גוסטן פון די תפלות און פּיוטים, וואָס מען זינגט שבת און ימים־טובים אין די שולן און בתי מדרשים.

יענע נוסחאות התפלה פון דאַוונען זיינען פאַרוואָרצלט אין דער נגינה, וועלכע די לוים האָבן געזונגען אין בית המקדש (זע אויבן).

די פּיוטים פון דאַוונען, פון די סליחות און קנות האָבן זייערע מע־לאָדיעס אויסקריסטאַליזירט אין גוסטן (זע אויבן), ווייל זיי זיינען די אויי־טענטישע אויסדרוקן פון יידישן גלותדיקן צער און צאָרן. און אַזוי ווי צרות און יסורים פון גלות זיינען דאָך שטענדיק און איבעראַל געווען די נאָענטע באַגלייטער פון די וואַנדערנדיקע יידן, זיינען די פּרימיטיווע מעלאָדיעס ניט פאַרגעסן, נאָר פאַראַלגעמיינערט געוואָרן.

דאָקעגן די פּיוטים פון זמירות לשבת, וואָס האָבן אין זיך שמחה, רואיקייט, האָפערדיקייט און רחבות, האָבן שוין פאַרשידענע פאָרמען פון מוזיקאַלישן אויסדרוק, ווייל דאָס האָט צו טאָן מיטן געמיט - צושטאַנד, לויט דעם גראַד פון שמחה, וואָס זיי האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען אין די פאַרשידענע לענדער און פעלקער. און דאָס קאָנען דאָך ניט זיין די אויטענטישע אויסדרוקן פון פרייד פאַר דורות יידן, ווייל שמחה, רואיקייט

## אזמר בשבחין

גענומען פון ווילנער מוזיקאַלישן פּנקס.

און רחבות זיינען ניט שטענדיק געווען די נאָענטע באַגלייטער פון די יידן אין גלות, איבערהויפּט האָט זיך עס ניט פאַראַלגעמיינערט, ווייל ניט אַלע יידן האָבן אין איין צייט גענאָסן פון רו אין גלות.

אַזוי, אַז ווען די יידן האָבן נאָר געפונען אַביסל רו אין אַ לאַנד, האָבן זיי עס באַלד אויסגעדריקט אינדיווידועל אין די זמירות לשבת. דערפאַר זיינען פאַראַן אַזוי פיל צענדליקער מעלאָדיעס אויף יעדן פּיוט פון די זמי־רות לשבת.

## זמירות לשבת ביי די מקובלים און חסידים

קבלה מאַלט אוים דעם שבת אין די הערלעכסטע פאַרבן. לויט קבלה גיט דער שבת שפע און ברכה אויף אַ גאַנצער וואָך. נגינה איז דער צנור, די רער, וואָס פאַראייניקט די אויבערשטע וועלטן מיט די אונטערשטע. דער־פאַר זינגען די יידן ביי אַלע געלעגנהייטן, כדי צו זיין כסדר צוגעבונדן צו די אויבערשטע וועלטן.

האָבן די בעלי־הקבלה געזונגען אַ סך צו קבלת שבת. דער אר״י הקדוש פון צפת פלעגט זיך אָנטאָן ערב שבת אין ווייסע קליידער און צוזאַמען מיט זיינע תלמידים אַרויסגיין אויסער דער שטאָט מקבל שבת זיין, אויפ־נעמען דער שבת מלכתא און אַריינגיין צוריק מיט התלהבותדיקן געזאַנג צו שבת מלכתא, מזמור שיר של יום השבת.

ווען דער אר״י האָט איבער געוויסע אומשטענדן מקבל שבת געווען אין שטוב, פלעגט ער מאַכן הקפות אַרום טיש און זינגען מיט גרוים באַ־גייסטערונג און התלהבות „מזמור שיר של יום השבת" און דעם פזמון פון זיין חבר רב שלמה אלקבץ, „לכה דודי".

די בעלי הקבלה האָבן זייער אַ סך געזונגען צו קבלת שבת און דאָס איז געווען ניט מער ווי אַ פּרעלודיע, אַן אַריינפיר צו דער גרויסער סימ־פאָניע, וואָס איז פאַראַן אינעם גאַנצן מעת־לעת שבת.

אין מיטלאַלטער זיינען געשאַפן געוואָרן פיוטים־זמירות צו זינגען צו אַלע סעודות פון שבת, צווישן זיי „שביעי לעם זו קדשת, שמרו שב־תותי" פון שלמה בן גבירול; „שלום לך יום השביעי", „יום שבתון", „יקר יום השבת תקדיש" פון יהודה הלוי, „יום זה מכובד", „לעמך תציל ממונה" פון ישראל נגארא און לעצטנס „שבת המלכה" פון ביאַליק, „בששי בין הערבים", „מצאי שבת" פון שאול טשערניכאָווסקי א. אַנד.

אונטער דער השפעה פון קבלה האָט דער אר״י מחבר געווען פזמונים צו זינגען צו אַלע סעודות פון שבת, אַזעלכע ווי: „אזמר בשבחין", „אסדר לסעודתא" און „בני הכלא", וואָס מען זינגט בכל תפוצות ישראל.

פון די שבתדיקע סעודות ווערט אַרויסגעהויבן די דריטע סעודה, שלש־סעודות, אין דער סעודה קומט (לויט קבלה) צום אויסדרוק די איידעלע גע־פילן און דאָס שטאַרקע בענקעניש פון דער נשמה יתרה צו דער שכינה; אויך די שטאַרקע און שווערע איבערלעבונגען, וואָס די נשמה־יתרה מאַכט דורך ביים שיידן זיך מיט דער שבת מלכתא. זינגט אוים דער ייד אין זיינע זמירות צו דער דריטער סעודה אין דעם פאַרנאַכט אַריין זיינע איידלסטע געפילן און זיין צוגעבונדנקייט צו דער שכינה, זיין בענקשאַפט און אהבת הבורא, זיין אמונה און בטחון ביז אין דער נאַכט אַריין.

די חסידים פון בעל שם האָבן אַריינגעגעבן קדושת שבת אויך אין דער סעודה פון מלוה מלכה, ווען זיי זינגען פּיוטים און זמירות, כדי אַריינצו־נעמען מחול אל הקודש, אַריבערצונעמען אַ שטיק וואָך אין שבת אַריין.



קאַפּיטל פופצן

# זמירות למוצאי שבת פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט. זמירות צום אַרויסגאַנג פון שבת

## די ניגונים צו די זמירות למוצאי שבת

**די תקנה פון די אנשי כנסת הגדולה. הבדלה. די צערע־מאָניע פון מאַכן הבדלה. נגונים צו די זמירות פון מוצאי שבת. יידישע אייגנאַרטיקייט צו אינטערפּרעטירן נגונים. דער געראַנגל פון קדש לחול. די באַלאַדע פון איש חסיד. אל תירא עבדי יעקב. נגינה — אַ גייסטיקער סטימול.**

---

די אנשי כנסת הגדולה האָבן מתקן געווען פאַר די יידן ברכות, תפלות, קדושות און הבדלות (אנשי כנסת הגדולה תקנו להם לישראל ברכות ותפלות, קדושות והבדלות (ברכות ל״ג, עמוד א׳). די אַלע תקנות ווערן שטאַרק אָפּגעהיט פון אַלע יידן בכל תפוצות.

הבדלה, אָפּטיילן, ד. ה. אָפּטיילן שבת פון וואָך, קדושה פון חול.

ווען דער ייד קומט שבת אין אָוונט פון שול, מאַכט ער הבדלה, טיילט ער אָפּ דעם שבת פון דער וואָך. די גרענעץ, די ליניע, וואָס ווייזט־אָן, ווען צו מאַכן דעם שניט וואָס צעטיילט — די הבדלה, זיינען די שטערן אין הימל. איידער די שטערן באַווייזן זיך אויפן הימל איז שבת, איז קדושה. קוים האָבן זיך די שטערן באַוויזן שבת אין אָוונט, איז די ריכטיקע צייט צו מאַכן דעם שניט, צו צעטיילן (הבדלה) שבת פון וואָך.

## די צערעמאָניע פון מאַכן הבדלה

די צערעמאָניע פון הבדלה מאַכן טראָגט טאַקע אַזאַ כאַראַק־טער ווי מען וואָלט דורכגעפירט אַן ערנסטע אָפּעראַציע איבער אַ מענטש, אים אָפּגעשניטן אַן אבר.

דאָס צוגרייטן זיך צו מאַכן הבדלה, די ערנסטקייט פון דעם הבדלה־מאַכער און פון זיין בני־בית מאַכן דעם איינדרוק, אַז מען גייט דאָ דורכפירן עטוואָס וויכטיקעס.

מען צינדט אָן דאָס געפלאָכטענע וואַקסענע הבדלה־ליכט, וואָס האָט אַ סך קנייטלעך. די בני־בית שטייען אַרום טיש אין געשפּאַנטקייט, זייערע אויגן געווענדט צום פאָטער. דער פאָטער, ווי אַ געניטער הבדלה־מאַכער, גיסט אָן דעם כוס מיט ווייַן און בלייבט שטיין פאַרטראַכט. דאָס אַריינגיין צוריק אין דער וואָכעדיקייט, אָנטאָן אויף זיך צוריק דעם יאָך פון גלות, אַריינפּלאָנטערן זיך צוריק אין די זאָרגן פון פּרנסה, אויסטאָן די קרוין פון בן־מלך, זיך צעשיידן מיט דער שבת־מלכתא און ווערן צוריק דער צעטראָטענער, געיאָגטער, באַליידיקטער ייד, וואַרפט אָן אַ שרעק אויף דעם יידן און פילט אים אָן מיט די טרויעריקסטע מחשבותן, געדאַנקען. און די שטענדיקע פראַגע: „מאין יבוא עזרי", — פון וואַנעט וועט קומען מיין הילף, עגבערט דעם מח...

עס העלפט אָבער ניט דאָס טראַכטן און דאָס בענקען; די נאַכט שטייט ניט; מען מוז זיך דאָך צעשיידן מיט דער האַרציקער שבת־מלכה און זיך אַריינוואַרפן אין גראַנגל פאַר דער עקזיסטענץ.

און דאָ זעט ער, אַז אַלץ איז שוין גרייט צו דער צערעמאָניע: וואַקסענע הבדלה־ליכט מיט זיינע פיל קנייטלעך לייכטן אים אין פּנים אַריין, דער ווייַן איז אין כוס, די בני בית וואַרטן. נו, נעמט ער זיך אָן מיט מוט, נעמט דעם כוס אין האַנט און זאָגט ווי צו זיך אַליין, איידער ער מאַכט די דעפיניטיווע הבדלה, די צעטיילונג: „הנה אל ישועתי אבטח ולא אפחד". עט, ניט געזאָרגט, אָט איז דער גאָט פון מיין הילף, אויף אים וועל איך זיך פאַרלאָזן און וועל ניט מורא האָבן. ער וועט מיך שיצן און שטיצן. און צו דער פאַמיליע, וואָס שטייט לעבן אים, זאָגט ער: „ושאבתם מים בששון ממעיני הישועה, — און איר וועט שעפּן וואַסער מיט פרייד פון די קוואַלן פון הילף, ווייל ביי גאָט איז די הילף... און זייט וויסן, אַז אין די קריטישע צייטן האָט גאָט געהאָלפן די יידן און: „ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר", — ליכטיק און פריילעך איז געוואָרן די יידן, כן תהיה לנו, אַזוי זאָל אויך צו אונדז זיין. דער עיקר: ניט געזאָרגט!

און ער הויבט זיך אָן צו גרייטן צו געזעגענען מיט דער שבת־מלכה, צו דער הבדלה. קודם־כל מאַכט ער אַ ברכה „בורא פּרי הגפן", שטעלט אַוועק פאַמעלעך דעם כוס ווייַן אויפן טיש, נעמט דאָס בשמים־ביקסל אין האַנט, לייגט עס צו צו זיין נאָז, שמעקט מיט הנאה ווי ס'וואָלט געווען עפּעס אַ דערקוויקונג, מאַכט די ברכה „בורא מיני בשמים" (דאָס שמעקן מיט אַזאַ הנאה, די בשמים ביים מאַכן הבדלה איז כדי צו דערקוויקן די נשמה־יתרה, וואָס ליידט שטאַרק פון יציאת שבת), לייגט אַוועק דאָס בשמים־ביקסל אויפן טיש און הויבט אָן צו באַטראַכטן אויפמערקזאַם די

נעגל פון זיינע פינגער אַנטקעגן דעם ברענענדיקן הבדלה־ליכט, כדי צו געניסן פון זיין ליכט און מאַכט די ברכה „בורא מאורי האש”. נעמט דער־נאָך ווידער דעם כוס וויין אין האַנט און הויבט אָן די צערעמאָניע פון צעטיילן, מאַכן אַ הבדלה. אָבער פריער רעכנט ער אויס, וויפל הבדלות, צעטיילונגען, עס זיינען פאַראַן אין דער תורה: המבדיל בין קודש לחול (ויקרא י"א); בין האור לחושך („ויבדל אלהים בין האור ובין החושך”, בראשית א'); בין ישראל לעמים („ואבדיל אתכם מכל העמים”, ויקרא כ'); בין יום השביעי לששת ימי המעשה, וואָס דאָס איז אַן איבערחזרונג פון בין קודש לחול. און ענדיקט די צעטיילונג מיט דער ברכה: „ברוך אתה א"ד המבדיל בין קודש לחול”.

## המבדיל

געגומען פון ווילנער מוזיקאַלישן פנקס.

געענדיקט מאַכן די הבדלה, זעצט זיך דער פאָטער אַנידער, קוקט אַריין אינעם וויין פון כוס און טרינקט פון אים, לאָזט איבער אַביסל, גיסט עס אויס אויפן ברעג טיש, פאַרלעשט אין דעם דאָס וואַקסענע הבדלה־ליכט, דאָס ביסל וויין, וואָס בלייבט אויפן ברעג טיש, לייגט ער סימבאָליש אין די קעשענעס אַריין, דורך נעצן אין דעם די פינגער און אַריינלייגן זיי אין קעשענע, אַ סגולה צו גוטער פרנסה אויף אַ פולער וואָך; רייבט מיט דעם די אויגן, — אַ סגולה צו מזל און הצלחה, און הויבט אָן צו זינגען זמירות צו מוצאי שבת, צום אַרויסגאַנג פון שבת, צו באַגלייטן דער שבת־מלכה.

## די נגונים צו די זמירות פון מוצאי־שבת

פאר דער לאנגער צייט זינט די אנשי כנסת הגדולה האבן מתקן געווען צו מאכן הבדלה, האט זיך ניט געשאפן און עס איז ניט געשאפן געווארן קיין איינהייטלעך־באשטימטער נוסח צו די זמירות פון מוצאי־שבת. אין יעדן לאנד, וואו יידן האבן געלעבט און אין יעדער תקופה פון גייסטיקן אויפשטייג האבן יידן פון יעדן לאנד, ווי ביחידות, געשאפן נגונים צו די זמירות. און ניט נאר אין יעדן לאנד, נאר כמעט אין יעדן יידישן קבוץ, גרוים אדער קליין, האט מען געזונגען אייגנארטיק די זמירות. איבערהויפט האט זיך געשאפן א סך אייגנארטיקע נגינה מיט א ספעציפישן ריטם ביי די חסידים פון די פארשידענע דינאסטיעס רביים אין די לעצטע צוויי הונדערט יאר.

די מערסטע נגונים צו די זמירות זיינען גענומען געווארן מן החוץ, פון דער ארומיקער סביבה. מען האט פשוט צוגעפאסט נגונים פון פרעמדן פאלקלאר צו די זמירות און אזוי זיי געזונגען.

פון דעם נעמט זיך די פארשידנארטיקייט פון די נגונים.

געיידישט די נגונים האבן א סך פאקטארן: די שפראך פון די זמירות, דער אינהאלט זייערער, די יידישע אייגנארטיקייט צו אינטערפרעטירן און זינגען א נגון, דער יידישער אייגנארטיקער ריטם, דער יידישער לעבנס־שטייגער, דער יידישער אפטימיזם, יידישע אמונה און בטחון אין גאט, וואס באהנט אזוי דעם יידישן ארט זינגען, — דאס אלעס האט געשטאלטיקט און איבערגעשטאלטיקט דעם פרעמדן נגון און געמאכט פון אים אן עכט־יידישע נגינה צו זינגען די זמירות צו מוצאי־שבת, צו באשיינען זייער אינהאלט.

און דער אינהאלט פון כמעט אלע זמירות פון מוצאי־שבת איז א מין בארואיקונגס־מיטל פארן יידן ביים געזעגענען זיך מיט דער שבת מלכה און א סטימול צו קאנען קעמפן פאר זיין עקזיסטענץ אין דער גרויער וואכעדיקייט.

די זמירות זוכן צו פארטרייבן פונעם ייד די שווערע און שווארצע כמארע פון מורא און אומזיכערקייט, פון צווייפל און פעסימיזם, וואס באשערשט אים אויף דער גרענעץ בין קודש לחול, צווישן הייליקייט און וואכעדיקייט. אבער ס'פילט זיך אין די נגונים פון די זמירות למוצאי שבת די שטארקע בענקשאפט צו דער שבת־מלכה, וואס האט אריינגעבראכט אין דעם יידישן לעבן אזוי פיל שיינקייט, אזוי פיל שמחה, קדושה, מנוחת־הנפש, מנוחת הגוף, זארגלאזיקייט און אפטימיזם; וואס האט אויך אריינגעגעבן אין דעם ייד א נשמה־יתרה, האט אים ארויסגעשלעפט און אויסגעטאן פון וואכעדיקייט, פון פארזארגטקייט, פארהאוועטקייט צוליב פרנסה, פון זיין אינערלעכן און אויסערלעכן גלות, אים אנגעטאן בגדי־

שבת און די קרוין פון קדושת שבת און אים פאַרוואַנדלט אין אַ פּרינץ, אַ בן־מלך.

עס פילט זיך אויך אין די ניגונים פון די דערמאָנטע זמירות די שטימונג פון דער הבדלה און דער גלות־קרעכץ, דער ספּעציפיש יידישער קרעכץ, וואָס האָט פאַרצויגן ווי מיט אַ שוואַרצן שלייער די אַלע נגונים און האָט פון זיי צוגענומען די ברייטקייט, רואיקייט, האָפערדיקייט און התלהבות פון די שבתדיקע זמירות. די ווירקלעכקייט פון דער אָנקומענ־דער וואָך מיט די אַלע זאָרגן האָט פאַרכאַפּט דעם ייד און לאָזט ניט צו קיין פריילעכע און האָפערדיקע ניגונים, כאָטש, ווי געזאָגט, דער אינ־האַלט פון די זמירות איז אַ באַרואיקונגס־מיטל פאַר דעם ייד, און פאַר זיינע נערוון.

זינגט דער ייד די זמירות, כדי צו דערהויבן זיין געמיט־צושטאַנד; ער זינגט דעם זמר פון אליהו הנביא, וואָס וועט אינגיכן קומען מיט משיח בן דוד און באַפרייען די יידן פון גלות.

המבדיל בין קודש לחול, דער, וואָס מאַכט אַ חילוק צווישן הייליקייט און וואָכעדיקייט, דעם וועלן פאַרגעבן ווערן די זינד. זיינע קינדער און זיין געלט וועלן פאַרמערט ווערן ווי דאָס זאַמד און ווי די שטערן ביינאַכט, א. א. וו.

אל תירא עבדי יעקב, — האָב קיין מורא ניט, מיין קנעכט יעקב, אמר א"ד ליעקב, אל תירא עבדי יעקב.

און די באַלאַדע פון „איש חסיד היה", געווען אַמאָל אַ מענטש אַ חסיד, אַ גרויסער אָרעמאַן, ניט געהאַט וואָס צו עסן און וואָס אָנצוטאָן,

## אמר א"ד ליעקב

גענומען פון ווילנער מוזיקאַלישן פּנקס.



אָבער ער האָט געהאַט אַ סך אמונה און בטחון צו גאָט. איז ער אַרויסגע־גאַנגען אויפֿן מאַרק זוכן פּרנסה און האָט באַגעגנט אליהו הנביא, וועל־כער האָט אים אָנגעזאָגט די בשורה, אַז ער וועט רייך ווערן. און ער איז טאַקע רייך געוואָרן.

## איש חסיד היה

געגומען פֿון ווילנער מוזיקאַלישן פּנקס.



איז פֿון דעם געדרונגען, אַז אַ ייִד דאַרף נאָר האָבן אמונה און בטחון אין גאָט; ער טאָר קיין מאָל ניט פֿאַרצווייפֿלען, וועט אים גאָט העלפֿן ווי יענעם חסיד. און נאָך אַ סך זמירות פֿון ענלעכן אינהאַלט.

פֿון אַלע צייטן איז דאָס זינגען זמירות (רעליגיעזע פּאָעזיע) געווען פֿאַר דעם ייִד אַ גייסטיקער גענוס און אַ גייסטיקער סטימול זיך אַרויס־צורייסן פֿון אַלטעגלעכקייט. איז עס מיט דער צייט געוואָרן אַ חוב (אַ מוז) צו זינגען ביי די שבתדיקע און יום־טובדיקע סעודות און אַפֿילו ביי סעודות מצוה.

זינגט אויס דער ייִד אין זיינע זמירות זיין פֿרייד, זיין האָפֿענונג, זיין קדושה, זיין טרייסט, זיין אמונה און בטחון, ווי אויך זיינע זאָרגן, זיין אומרו און זיינע בענקעניש.

נגינה איז די ייִדנס נשמה־שפּראַך, דאָס לשון, מיט וועלכן זיי רעדן זיך צונויף מיט זייער גאָט. די נגונים זייערע זיינען עם די גייסטיקע לייטערס, אויף וועלכע זיי לאָדן־אויף זייערע תפֿלות און בקשות און באַקומען זיי צוריק אויפֿן זעלביקן וועג שוין דערפֿולטע,, אָנגענומענע.

## במצאי יום מנוחה

געגומען פֿון ווילנער מוזיקאַלישן פּנקס.



קאַפּיטל זעכצן

# קבלה און חסידות און זייער נגינה

**קבלה, תורת החן, אַסקעטיזם אַלס מיטל צו דערנענטערן די גאולה. די מקובלים רב משה קורדיבורו און רב יצחק לו־ריה (אר״י הקדש). דאָס אויפקומען פון חסידות מיט דער נייער שיטה. רב ישראל בעל שם טוב און זיין לערע. רב בער פון מעזריטש. די נגינה פון קבלה העיונית. די נגינה פון קבלה מעשיות. די נגינה פון חסידות. דער ליטווישער ייד און דער אוקראַינער ייד. דער קאָצקער רבי. רב נחמן בראצלאווער. רב אַרעלע קארלינער. פילון דער ייד פון אַלעקסאַנדריע וועגן די ערשטע חסידים. דער אדמור פון נעמעראוו.**

---

ק ב ל ה, דאָס איז די תורת הח״ן, חכמה נסתרה, פאַרבאָרגענע וויסנשאַפט.

מען רופט די וויסנשאַפט קבלה, ווייל זי ווערט איבערגעגעבן בעל־פה, פון מענטש צו מענטש, פון דור צו דור.

די חכמה נסתרה באַשטייט אין פאַרשטיין די געטלעכקייט (דעת אלהים). דאָס איז אַזאַ מין טעאָזאָפיע, וואָס וויל דערגיין דעם ציל פון גאָטס באַשאַף, דעם סוף פון וועלט־עקזיסטענץ, דעם סוד פון לעבן, דער־גיין ווי אַזוי עס שטראַלן אַרויס די כחות פון דער געטלעכקייט און פון באַשאַף און ווי די כוחות גיבן געגנוג דערנערונג פאַרן גאַנצן אוניווערז.

קבלה האָט אויך אַנטפּלעקט די צנורות (רערן), וואָס פאַראייניקן די אויבערשטע מיט די אונטערשטע וועלטן.

די פּרטים פון די אַלע סודות פון דער פאַרבאָרגענער וויסנשאַפט געפינען זיך אין ספר הזוהר, וואָס איז די הייליקע תורה פון די מקובלים.

די תורת הח"ן האָט זיך פאַרשפּרייט אין שפּאַניע אינעם 13טן יאָר־הונדערט צווישן דער געבילדעטערער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, און איז געוואָרן אַ טייל פונעם יידישן גייסטיקן פאַרמעגן, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין יענער צייט, אַ טייל פון דעם יידישן שאַפנדן גייסט.

## אַסקעטיזם אַלס מיטל צו דערנענטערן די גאולה

די גאָלדענע צייט, די אַזוי־גערופענע תור הזהב פון שפּאַניע, איז שוין לאַנג פאַרביי. שפּאַניע איז געוואָרן פאַרפולט מיט אינקוויזיטאָרן און אויטאָ־דאַ־פעס, וואו מען האָט געברענט יידן ווי קולעס שטרוי, און די וועלט האָט עס גלייכגילטיק צוגעקוקט, ווי דאָס וואָלט געווען אַ גאַנץ נאַטירלעכע דערשיינונג.

יידן האָבן זיך געהאַלטן אין איין טרינקען אין אייגענעם בלוט און טרערן און געאָטעמט מיט צרות און פּיין. אַ סך יידן פון שפּאַניע זיינען זיך צעלאָפן וואו נאָר עס האָט זיך געלאָזט, כדי זיך צו ראַטעווען פון די שאַרפע נעגל פון דער אינקוויזיציע אָבער זייער לאַגע איז אין ערגעץ ניט געווען בעסער. אייניקע יידן איז געלונגען אָנצוקומען קיין ארץ־ישראל, אָבער אויך דאָרט האָבן זיי געטראָפן חורבות אויף חורבות.

אין אַזאַ אומרואיקער צייט און אין אַזעלכע ביטערע אומשטענדן האָט מען זיך ניט געקאָנט אָפּגעבן מיט דער טעאָרעטישער קבלה, מיט דער פאַרבאָרגענער וויסנשאַפט. די יידישע אָנגעווייטיקטע נשמה האָט געזוכט צו שטורעמען די אויבערשטע וועלטן מיט ביטער געוויין, מיט תפלות, תחינות און בקשות, אויסגיסנדיק זייער פאַרביטערט הארץ פאַר גאָט און בעטן גיכע הילף און אויסלייזונג פון די גרויסע צרות און אומגליקן, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויף זיי.

צוליב דער ביטערער לאַגע האָבן זיך פאַראייניקט די יידישע מיסטיק מיטן יידישן נאַציאָנאַלן געפיל, און עס איז געבוירן געוואָרן אַ נייע תורה, די תורה פון תשובה און תפלה דורך אַסקעטיזם, — דורך פּלאָגן דעם גוף, ווי אַ מיטל אויסצובעטן ביי גאָט, ער זאָל מוחל זיין די זינד פון זיין פאָלק ישראל און זאָל דערנענטערן די גאולה פון פאָלק און לאַנד.

די ניי־געבוירענע תורה האָט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט אין ארץ־ישראל אין דער צווייטער העלפט פונעם 16טן יאָרהונדערט אונטערן נאָמען: קבלה מעשיות אָדער פּראַקטישע קבלה.

## די מקובלים רב משה קורדוּבירו און רב יצחק לוריה (אר"י הקדוש)

צו יענער צייט האָבן זיך געפונען אין צפת, וואָס איז געווען דער מיטלפּונקט פון דער יידישער מיסטיק, צוויי מקובלים פון צוויי פאַרשידענע שיטות.

די צוויי מקובלים זיינען געווען: רב משה קורדובירו, וואָס האָט דאָרט פאַרשפּרייט די קבלה עיונית, די טעאָרעטישע קבלה, און רב יצחק לוריה, וואָס האָט פאַרשפּרייט די קבלה מעשיות, ד. ה. פּראַקטישע קבלה. אין דער שיטה פון רב משה קורדובירו האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט און אָנגענומען ממשותדיקע פאָרמען אַלע יענע איידעלע און דערהויבענע געדאַנקען וועגן גאָט און מענטש, וועגן דער נשמה פון דעם מענטש, וועגן גאָט און זיין פאַרהעלטעניש צו דער באַשאַפענער וועלט, וועגן גאָט און אַלע ענינים וואָס זיינען שייך צו גאָט, און וועגן די העכערע וועלטן, וואו עס געפינען זיך די מלאכים און שרפים ביז צום כסא הכבוד.

דער אר״י הקדוש צוזאַמען מיט אליהו ווידאַש און רב חיים וויטאַל האָבן געשאַפן די פּראַקטישע קבלה, קבלה מעשיות, די קבלה פון טאָן עפּעס ממשותדיקס.

ביי זיי האָבן באַקומען ממשותדיקע געשטאַלטן אַלע יענע געדאַנקען וועגן מענטשלעכע טואונגען אין מענטשלעכן לעבן; וועגן סוד פון די השפעות פון די אויבערשטע אויף די אונטערשטע וועלטן; די פאַרשיידענע וועגן צו קאָנען משפּיע זיין אויף די אויבערשטע וועלטן, דורך נזירות, תעניתים, סגופים (פּייניקן דעם גוף) און אויסוואָרצלונג פון דער לעבנסלוסט דורך פּרושות און אויך אויסצופאָרשן, אויסצוגעפינען דעם טאָג, ווען משיח וועט קומען און דאָס יידישע פאָלק וועט אויסגעלייזט ווערן פון גלות.

די פּראַקטישע קבלה איז, ווי געזאָגט, געווען דער פּועל־יוצא פון די שרעקלעכע איבערמענטשלעכע ליידן און פאַרפאַלגונגען, וואָס די יידן פון מערב־אייראָפּע האָבן געליטן ביים סוף פון מיטלאַלטער (די קרייצצוגן, גירושים, אינקוויזיציע און אַנדערע רדיפות). עס האָט זיך ביי זיי אַנטוויקלט אַ שטאַרקע בענקעניש צוריקצוקערן זיך קיין ארץ־ישראל, כדי אַזוי אַרום זיך באַפרייען פון ביטערן גלות און ווערן צוריק אַ פריי פאָלק ווי אַמאָל.

זיי האָבן אָבער געהאַלטן, אַז זייער צוריקקערן זיך אין אייגענעם לאַנד דאַרף ניט פאָרקומען דורך מלחמות און בלוט־פאַרגיסונגען, נאָר עס דאַרף דערגרייכט ווערן דורך אַ שפּאָגל־נייעם מיטל, — דורך דער חכמה נסתרה, וועלכע איז באַוואוסט צווישן די יידן אונטערן נאָמען קבלה מעשיות.

אָבער כדי צו דערגרייכן די גאולה, אויסגעלייזט צו ווערן פון גלות, און זוכה זיין אויפצולעבן ארץ־ישראל, מוז דער ייד פירן אַ הייליק אָרט לעבן; ער מוז איבער זיך אַרבעטן צו דערגיין צו דער מדרגה צו זיין הייליק. ערשט דאַמאָלט, ווען ער וועט דאָס דערגרייכן, וועט ער קאָנען געפינען אין דער תורה די נויטיקע סודות, וועלכע וועלן פאַר אים אַנט־

פּלעקן די געהעריקע מיטלען, מיט וועלכע מען וועט קאָנען אַראָפּברענגען משיחן. און משיח וועט שוין אויסלייזן די יידן פון גלות.

דער הויפּט־קוואַל פון אָט־די סודות איז געווען דער זוהר הקדוש.

לויט די דערקלערונגען פון דעם זוהר זיינען די אַלע פאַרפאָלגונגען, וואָס די יידן האָבן געליטן אין יענע צייטן, געווען די חבלי לידה, די משיח־ווייען, און די אַלע יסורים און פּיין, וואָס די יידן קומט־אויס צו ליידן, זיינען אַ באַשטעטיקונג אָדער אַ סימן אַז די גאולה איז שוין נאָענט. עס פעלט נאָר, אַז די יידן זאָלן תשובה טאָן און זיך דערהויבן צו דער מדרגה ווערט צו זיין די גאולה. דאַן וועלן די צדיקי הדור זיין אימשטאַנד אַראָפּצוברענגען משיחן. ווייל די צדיקים האָבן אַ גרויסן איינפלוס אויף די מלאכי מעלה און אפילו אויפן בורא יתברך.

די דאָזיקע לערע איז שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן אין די לעצטע צייטן פון בית שני, אין צפת, אַ שטאָט אין גליל, ארץ־ישראל, וואו עס האָט זיך געפונען די כת (פּאַרטיי) פון די איסיים, וועלכע האָבן דאָרט פאַרשפּרייט זייער שיטה וועגן תשובה טאָן, מחמת זיי האָבן געגלויבט באמונה שלמה, אַז ווען די מענטשן וועלן תשובה טאָן מיטן גאַנצן הארצן, וועט מוזן קומען די מלכות שדי אויף דער וועלט.

און תשובה הייסט לויט דער לערע פון קבלה מעשיות אַ סך תפלה טאָן, פאַסטן אַ סך, אָפּטויטן אין זיך דעם לעבנסלוסט דורך נזירות און סיגופים, פייניקן דעם קערפּער, כדי די תפלות זאָלן אָנגענומען ווערן פון גאָט ברוך הוא.

אין 16טן יאָרהונדערט איז אין צפת געגרינדעט געוואָרן אַן אגודה פון די גרעסטע אויטאָריטעטן פון קבלה מעשיות. די אגודה האָט זיך אָנ־גערופן סוכת שלום. צווישן די מיטגלידער זיינען געווען דער אר״י הקדוש, רב שלמה, אלקבץ (דער מחבר פון לכה דודי), רב משה קורדובירו, רב אליהו די ווידאס, רב חיים וויטאַל און אַנדערע, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיטן פּראַקטיצירן די קבלה מעשיות, מיטן צוועק אַראָפּצוברענגען משיחן, ער זאָל אויסלייזן די יידן פון גלות.

אַלע פרייטיק פלעגן זיי גיין קיין מרון, צום קבר פון רב שמעון בר יוחאי, און דאָרט, אין דער פייערלעכער סביבה, האָבן זיי געזונגען מזמורים און סתם נגונים, און געזוכט צו דערגיין די סודות ווי משפּיע צו זיין פון די אונטערשטע אויף די אויבערשטע וועלטן, כדי מקרב צו זיין די גאולה.

די תורת הקבלה מעשיות האָט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן די יידן פון אַלע לענדער, איבערהויפּט האָט זי זיך אָנגענומען צווישן די יידן אין פּוילן. אין דעם 17טן יאָרהונדערט, ווען דאָס יידישע לעבן איז דאָרט געווען אומדערטרעגלעך. צוליב דעם קאָזאַקן־אויפשטאַנד אונטער דער אָנפירונג פון באָגדאַן כמעלניצקי, וועלכע האָבן חרוב געמאַכט אַ סך יידי־

שע קהלות אין אוקראַינע און פּוילן און האָבן אומגעבראַכט טויזנטער און טויזנטער יידן; צוליב די מעשים תעתועים פון די פּריצים וואָס האָבן שרעקלעך געדריקט די יידן; צוליב דער קירכע, וואָס האָט פאַרפאָלגט די יידן, און צוליב די רעגירונגען, וואָס האָבן ביי זיי צוגענומען אַלע מיטלען פאַר זייער עקזיסטענץ.

אינעם יידישן לעבן גופא האָבן דעמאָלט געוועלטיקט, און מיט גאָר אַ שטאַרקער האַנט, די רבנים, למדנים און אַנדערע כלי־קודש, וועלכע האָבן זיך ניט גערעכנט מיט די שוועריקייטן, וואָס די יידישע סוחרים, בעלי־מלאכות, מעקלער און אַנדערע האָבן דורכצומאַכן, כדי צו דער־גרייכן דאָס נויטיקסטע צו דערהאַלטן דאָס לעבן, און האָבן אויף זיי אַרויפ־געלייגט אַן אַ שיעור אסורים (פאַרבאָטן) און מצוות. און יעדער נייער איסור און מצוה איז געווען אַרומגענומען מיט אַ צאָם (סיג) פון אסורים און יעדער צאָם — מיט נייע אסורים, אַז ס'איז געוואָרן אומעגלעך זיי אויסצוהאַלטן און דורכצופירן. ניט דער רב און ניט די למדנים האָבן זיך גע־רעכנט מיט די אומשטענדן און האָבן געפאָדערט פון דער עדה צו דער־פילן אַלע אסורים, אַלע מצוות און אַלע מנהגים מיט אַלע זייערע אויס־טייטשונגען.

די לאַגע פון די יידן אין פּוילן און אוקראַינע איז געווען קאַטאַס־טראָפאַל אינערלעך און אויסערלעך. די אַלע תפלות און בקשות צו גאָט, דאָס אָפּהיטן אַלע מצוות און אסורים, דאָס טאָן אַלע מעגלעכע מעשים טובים האָט זיי ניט געהאָלפן. זייער לאַגע איז דערגאַנגען ביז צו פאַר־צווייפלונג. איז ביי זיי אויסגעקומען לאָגיש, אַז ס'מוז געפינען ווערן וואָס שנעלער אַ מיטל, אַ שליסל אַזאַ, צו קאָנען עפענען די טויערן פון די הימלען, כדי די תפלות זאָלן צוקומען צום כסא הכבוד און זיי זאָלן ווירקן, אַז גאָט זאָל זיך מרחם זיין אויף זיי און זיי אויסלייזן פון גלות.

און אָט־דאָס געזוכטע מיטל האָט מען אַריבערגעבראַכט פון צפת. דערמיט האָט מען געזאָלט דוחק זיין דעם קץ פון גלות. דאָס מיטל איז געווען: קבלה, קבלה מעשיות.

האָבן זיך די יידן אָנגעכאַפּט אָן אָט־דעם מיטל; מען האָט זיך גענו־מען צו תעניתים, צו תשובה טאָן, צו אַסקעטיזם, סיגופים און פרישות. מען האָט זיך אָפּגעשיידט פון תענוגים עולם הזה, כדי צו דערגיין צו דער מדרגה פון הייליקייט און אַזוי אַרום פּועל זיין אין די עולמות עליו־נות דעם געגאַרטן ביאת המשיח. מ'איז מיט אָט־די מיטלען אויסן געווען אויפצוהייבן די שווער־פּינצטערע יידישע וועלט, וואָס איז אויסגעווייקט אין יידישן בלוט און טרערן און אַזוי אַרום ווירקן, מען זאָל מקרב זיין דעם קץ פון גלות...

## די אַנטשטייאונג פון חסידיזם

עס זיינען פאַרביי אַ סך יאָרן, אָבער דאָס מיטל פון דער פּראַקטישער קבלה, מיט דער כוונה אַראָפּצוברענגען משיחן האָט ניט געהאָלפן. די יידישע צרות האָבן זיך געמערט און זיינען געוואָרן גרעסער און שווערער. די פאַרצווייפלונג און אַנטוישונג האָט אַרומגעכאַפּט אַלע קהלות און אַלע יידן אין אַלגעמיין. דער המון, דאָס פאָלק, איז געוואָרן צעטומלט; די יסודות פון יידישער אמונה און בטחון האָבן זיך אָנגעהויבן טרייסלען און מיט נאָך מער צודרינגלעכקייט איז געשטאַנען אויפן סדר־היום די שטענדיקע פראַגע וואָס צו טאָן אין דער עת צרה, ווי צוצוקומען צו גאָט, ער זאָל דערהערן דאָס יידישע געבעט און פאַרנעמען דאָס יידישע געוויין. מ׳האָט פאַרשטאַנען, אַז מ׳מוז אויסגעפינען אַ נייעם וועג זיך צו דער־נענטערן צו גאָט און אויספועלן ביי אים ער זאָל מקרב זיין די גאולה.

און אָט דעם געלעכצטן נייעם וועג האָט אויסגעפינען די חסידות, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין אַראָפּנידערן די הויכע וועלטן פון די הימלען אויף דער ערד.

אָנשטאָט דעם, וואָס די קבלה מעשיות האָט געזוכט צו דערהויבן די אונטערשטע וועלטן צו די אויבערשטע, און האָט געדאַרפט דורכ־געפירט ווערן דורך פאַסטן, דורך פּרישות, אַסקעטיזם און סיגופים, וואָס שוואַכן אָפּ דעם קערפּער, האָט חסידות פאַרוואָרפן אָט די מיטלען און געעצהט צו דערגרייכן צום געגאַרטן ציל דורך שמחה, דורך דער פרייד פון אַ נאַטירלעך לעבן ווי גאָט האָט געבאָטן, — דורך עסן, טרינקען און גע־ניסן פון גאָטס שיינער וועלט. מען דאַרף זיך נאָר באַהעפטן מיט גאָט דורך תפלה און כוונה, זיך קאָנצענטרירן אין דער תפלה און זיין באַ־הערשט מיטן שטאַרקן גלויבן אין השגחת הבורא. דאָס איז געווען דער עיקר פון דער חסידישער שיטה אין יענער צייט.

## רב ישראל בעל שם טוב

דער גרינדער פון חסידות איז געווען רב ישראל בעל שם טוב. ער האָט קאָנצענטרירט אין זיין לערע צוויי גרונט־פּרינציפּן: א) אַז גאָט געפינט זיך אומעטום; אַז עס איז ניטאָ קיין אָרט אויף דער וועלט, וואו די גאָטהייט זאָל ניט זיין, און ב) אַז צווישן די אויבערשטע און אונטער־שטע וועלטן איז פאַראַן אַ שטענדיקער קאָנטאַקט, וואָס ווירקן קעגנזייטיק איינע אויף די צווייטע. אַזוי, אַז גאָט ווירקט כסדר אויף דעם מענטשן און זיינע מעשים און דער מענטש, פון זיין זייט, קאָן דורך תפלה און מעשים טובים ווירקן אויף גאָט אין זיינע באַציאונגען צו מענטש.

פרייד, שמחה, זאָגט רב בער פון מעזעריטש, רבי ישראל בעל שם

טובם תלמיד און נאכפאלגער, איז דער תמצית, דאס אינעווייניקסטע קערנדל פון אופן צו דינען גאט, ווייל שמחה קומט ארויס פון א וועלט, וואס איז כולו רוחניות, גאלע גייסט. דער מענטש מוז זיין שטענדיק פרייליך און בפרט דעמאלט, ווען ער טוט א מצוה. דעמאלט מוז ער זיין מלא שמחה, פול מיט פרייד. ווייל דורך שמחה פארבינדט ער זיך מיט די אויבערשטע גייסטיקע וועלטן.

דאווגען, — זאגט רב בער, — איז דער וויכטיקסטער אופן צו די־נען גאט. דורכן דאווגען פארקנסט מען זיך מיט דער שכינה. דאס דאוו־נען מוז אבער זיין דורכגעדרונגען מיט גרויסער דביקות, מיט גרויסער פרייד און גרעניצלאזער התלהבות. מען מוז אינגאנצן פארגעסן וועגן זיך און וועגן גאנצן ארום, מען מוז אינגאנצן בטל ווערן פאר דער שכינה. און ווען מען דערגרייכט צו אט־דער מדרגה, צעקלינגען זיך געזאנגען אין אלע וועלטן: מלאכים, שרפים און אלע באשעפענישן פון הימל ווערן מלא שמחה. דער עיקר תכלית פון דאווגען איז די כונה צו קאנצענטרירן דעם געדאנק, ווייל צום כסא־הכבוד גייט אויף נאר דער געדאנק פון די תפלות, ניט די ווערטער.

חסידות האט געברענגט א ביישפיל פון דוד המלך, אז נאך דעם ווי ער האט ארויסגעזאגט אלע שירים ותשבחות צום רבונו של עולם, איז ער געקומען צום באשלוס, אז: לך דומיה תהילה, — צו דיר, גאט, קאן מען אויך שווייגנדיקערהייט תפלה טאן. מיט ווערטער קאן מען דאס ניט דערגרייכן, ווייל ווערטער זיינען צו גשמיותדיק.

## די נגינות פון קבלה עיונית, מעשיות און חסידות

לויט דער קבלה, דער חכמה נסתרה, איז די וועלט פול מיט קלאנ־גען און נגינה, ווייל אלע מלאכים זינגען שירה צו גאט און אויך די שטערן זינגען א שירה צו גאט, — ברן יחד כוכבי בוקר (איוב ל״ח). (פיטאגאראס האט אויך געגלויבט, אז יעדער פלאנעט זינגט אדער שפילט אין די ארקעסטערס פון די שטערן א לויב צו גאט). דאס שטימט פולשטענדיק מיטן הויכן געדאנק פון קבלה אז ווען עס זאל זיך ארייננכאפן עפעס א פאלשער טאן אין דעם קאנצערט פון די פלאנעטן און די הארמאניע פון עולם האצילות זאל חלילה וחס פון דעם צעשטערט ווערן, וואלטן חרוב געווארן און זיך צוזאמענגעשטויסן אלע זונען, פלאנעטן, שטערן און ספירות, — די גאנצע הימלישע סימפאניע וואלט חרוב ונחרב געווארן אין גרויסן גארניט, אינעם תוהו ובוהו...

לויטן זוהר הקדוש זיינען פאראן אין די הימלען טויערן, וועלכע מען קאן עפענען נאר דורך שירה און זמרה. (שערים יש בשמים שאינן נפתחים אלא בשירה וזמרה). האבן די מקובלים דעריבער געזונגען, כדי צו עפע־

נען די דאָזיקע טויערן. זייער געזאַנג איז עס געווען, וואָס האָט זיי דורך אַט־די טויערן באַהעפט מיט גאָט.

שכל און מדות זיינען די געצייג פון דער נשמה. נשמה, זאָגט רב בער, איז אַ אור־פשט, אַן איינפאַכע ליכטיקייט, וואָס שטראַלט שטענ־דיק און ווערט קיינמאָל ניט פאַרענדערט. מיט די מדות און שכל אַרבעט די נשמה כגרזן ביד החוצב בו, — ווי אַ האַק אַרבעט אין די הענט פון דעם, וואָס האַקט מיט איר. ליב האָבן דאַרף מען מיט דער מידה פון אהבה, — אהבה איז די געצייג; דענקען מיטן שכל, — שכל איז די געצייג; מיטלייד האָבן מיט דער מידה פון רחמנות, — רחמנות איז די געצייג, נגינה איז די געצייג פון דער נשמה, וואָס דערנענטערט דעם מענטשן צו זיין גאָט.

די פאַרשידענע מדרגות פון נגינה צו קבלה עיונית, קבלה מעשיות און חסידות זיינען פאָלגנדע: די קבלה עיונית, די טעאָרעטישע קבלה, די קבלה פון געדאַנק, וואָס האָט געזוכט זיך אריינצוריסן אין די אויבער־שטע וועלטן, כדי צו באַנעמען און צו פאַרשטיין דעם דעת האלהים (טעאָ־זאָפיע), האָט געהאַט אַן אייגנאַרטיקע נגינה, וואָס האָט האַרמאָניזירט מיטן געדאַנקען־גאַנג פון אירע אָנהענגער.

זייער ניגון זינגט זיך פון אָנפאַנג לאַנגזאַם, ווי אַ נשמה־אויסגוס, — צמאה נפש לאלהים. דאַן קומט די גייסטיקע דערוואַכונג (התעוררות) און אַ שנעלערער טעמפּאָ, וועלכער גייט דערנאָך אַריבער צו התפעלות, דביקות און התלהבות, ביז מען דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה פון התפשטות הגשמיות, ווען מען ווערט פיזיש אויפגעלייזט, מ׳פאַרגעסט לחלוטין אין זיך.

די נגינה ווי די לערע פון קבלה איז געווען באַקאַנט בלויז צווישן די מקובלים. זיי זיינען געווען בקי אין דער חכמה נסתרה. זיי זיינען אַלע געווען גוט באַהאַוונט אין זייער שיטה; זיינען געזעסן יומם ולילה איבער ספרים און געלערנט און זיך פאַרטיפט אין די הויכע און פאַרבאָרגענע געדאַנקען, וועלכע זיי האָבן נאָכהער פאַרצייכנט אין ספרים.

צום פאָלק, צום המון, האָט דאָס אַלעס ניט דערגרייכט; דאָס פאָלק האָט ניט פאַרשטאַנען נישט זייערע הויכע געדאַנקען און נישט זייער לערע; עס האָט אויך ניט געקאָנט אויפכאַפּן זייער נגינה. איז דאָס אַלעס געבליבן פרעמד פאַרן המון־עם.

גאָר אַן אַנדער מדרגה פון נגינה איז געווען דאָס געזאַנג פון יענע, וואָס האָבן פּראַקטיצירט די קבלה מעשיות, די פּראַקטישע קבלה, די קבלה פון טאָן. פאַר זיי איז געשטאַנען אין מיטלפּונקט דער רעיון צו ראַטעווען דאָס פאָלק ישראל פון גלות דורך אַסקעטיזם, סגופים און תעניתים, וואָס דאָס יידישע פאָלק זעלבסט זאָל אויף זיך נעמען און

דורכפירן כדי ווערט און זוכה צו זיין די גאולה, קבוץ גליות און ביאת המשיח.

ביי זיי איז די נגינה אַ האַרציקע, פול מיט געבעט, מיט אמונה און בטחון, אין דערוואַרטונג אויף משיחס קומען (אחכה בכל יום שיבו) אין זייער נגינה שפּיגלט זיך אָפּ די גאַנצע יידישע טראַגעדיע פון גלות. דערפאַר זיינען די גרעסטע טייל נגונים זייערע אינעם ספּעציפישן יידישן מענאָר־טאָן (מיט אַ פאַרגרעסערטער סעגונדאַ). אַ סך נגונים טראָגן אַ וואַלאַכישן און אוקראַינער גוסט, געזונגען מיט יידישער בענקשאַפט און פּיין. אַ סך נגונים זיינען אָן אָפּקלאַנג פון אהבה־רבה־גוסט. אין אַלע נגונים איז דאָ אַ געמיש פון יידישן השתפּחות הנפש מיט יידישן צער און וויי־טיק. גאָר ווינציק נגונים אין אַ מאָדערנעם טאָן־אַרט. דער ריטם פון די נגונים איז אַלעמאָל געווענדט אין דער שטימונג, אין וועלכער זיי ווערן געזונגען. ביי מער התלהבות, מער דביקות, איז דער ריטם אַ שאַרפערער, אַ האָפּערדיקער, — ביי ווייניקער התלהבות, איז דער ריטם אַ לאַנגזאַ־מער, אַ מעלאַנכאָלישער, אָבער שטענדיק פול מיט אמונה און בטחון אין גאָט.

גאָר אַן אַנדערן כאַראַקטער האָט געהאַט די נגינה פון חסידות אין פּוילן, אוקראַינע און ליטע אין 18טן יאָרהונדערט.

צו יענער צייט איז געווען צו מערקן אַ שאַרפער אונטערשייד אינעם אַרט דענקען צווישן די יידן פון ליטע און די יידן פון פּוילן און אוקראַינע, וואָס האָט זיך אויך אָפּגערופן אויף זייער נגינה.

דער ליטווישער ייד איז געווען איבערגעגעבן צו לערנען תלמוד, הלכה און אגדה אויפן זעלבן שטייגער ווי אַמאָל די יידן אין בבל. עס זיינען געווען אין ליטע אַ סך גרויסע און קליינע ישיבות, וואו די יוגנט האָט געלערנט תלמוד, און אין די שולן און בתי מדרשים זיינען שטענ־דיק געזעסן יידן און געלערנט. דער ייד, וואָס איז געווען אַ למדן, האָט געהאַט גרויס אָנזען ביי די ליטווישע יידן און מען האָט אים צוגעטיילט כבוד.

קיין שום אַנדערע קענטעניש אָדער וויסנשאַפט, קונסט אָדער טאַ־לאַנט האָבן צווישן יענע יידן נישט געהאַט אַזוי פיל אָנזען ווי אַ ייד אַ למדן.

דאַקעגן אין פּוילן און אוקראַינע האָט למדנות נישט געשפּילט אַזאַ גרויסע, אַזאַ וויכטיקע ראָלע. די פּוילישע און אוקראַינישע יידן זיינען געווען ראָמאַנטיקער; זיי האָט געצויגן צו דער ערע, וואָס רעדט צום האַרצן, צו די געפילן; זיי האָט געצויגן צו מיסטיציזם, צו וויסן די מיס־טישע סודות וועגן יידישן פאָלק, ווען ס׳וועט נעמען אַ סוף צום ביטערן גלות, ווען ס׳וועט קומען משיח, ווען ס׳וועט זיין דער קיבוץ גלויות א. א. וו.

דער דראַנג צו וויסן די סודות האָט זיך פאַרשטאַרקט נאָכן אונטער־גאַנג פון דער שבתי־צבי־באַוועגונג און פון פראַנקיזם, וואָס האָבן געהאַט צוגעצויגן צו זיך די יידישע מאַסן. עס איז נויטיק געווען צו אַנטדעקן עפּעס גרויס־פאַרנעמיקס, וואָס זאָל אָנפילן די הערצער פון די מאַסן מיט אַ נייעם אידעאַל, מיט אַ נייעם אינהאַלט און אַ נייער האָפענונג, וואָס זאָל זיי שטאַרקן און באַרואיקן זייערע געמיטער.

און דאָס, אויף וואָס מ'האָט געוואַרט, נאָך וואָס מ'האָט געלעכצט, איז געקומען אין דער פאָרם פון חסידות, וואָס האָט פאַרכאַפּט די מאַסן און זיי געגעבן אַן אידעאַל און אַן אינהאַלט אין לעבן.

חסידות האָט געפאָדערט פון דעם ייד, אַז ער זאָל לעבן אין פרייד, ריינקייט און הייליקייט און אַזוי אַרום זאָל ער דינען צו גאָט.

בכדי צו דערפילן די אייגנאַרטיקייט פון די חסידישע ניגונים מוז מען אַריינדרינגען אין יענע שיינע וועלטן, וועלכע די חסידישע פאַנטאַזיע האָט אויסגעחלומט און פאַרוואַנדלט אין אַ ווירקלעכקייט. די חסידישע „גוטע יידן" האָבן אַלע מאָל געהאַט די פּאַסנדיקסטע ווערטער, כדי צו ברענגען עס צום אויסדרוק.

דער קאָצקער רבי האָט געזאָגט: „דער מענטש איז ניט געבוירן געוואָרן אויף דער וועלט, כדי אָנצופרעסן זיך מיט מצוות. ניין! דער מענטש איז געבוירן געוואָרן אויף דער וועלט, כדי צו זיין אַן עקבער, אַז ער זאָל זיך איינעגבערן אין די הימלישע הויכקייטן, און דאָס קאָן מען דערגרייכן נאָך דורך נגינה".

„נאָר מיט התלהבות, מיט ברען, זאָגט רב בער, קאָן זיך אַ מענטש פאַרבינדן מיט גאָט. ווען מען וואַרפט אַוועק פון זיך די גשמיות, טיילט זיך גלייך אָפּ די נשמה פון דעם גוף און דאַן הערט מען די הערלעכע געזאַנגען פון די אויבערשטע וועלטן".

„אַלע ניגונים, זאָגט רב נחמן בראַצלאַווער, שטאַמען פון דעם מקור הקדושה און דעם היכל הנגינה. די טומאה ווייסט נישט פון קיין געזאַנג, ווייל זי ווייסט ניט פון קיין פרייד. טומאה איז דער מקור פון יעדער מרה שחורה, פון עצבות".

„נגינה איז די נשמה פון דער וועלט, פון גאַנצן אוניווערז. אַלע הימלען זינגען שירה, דער כסא הכבוד אָטעמט מיט נגינה. אפילו דער שם „הויה" איז צוזאַמענגעשטעלט פון פיר טענער: ה', ו' י', ה'. יעדער מין חכמה, יעדער מין פילאָזאָפיע און יעדע אמונה האָבן זייערע נגינות, אפילו אפּיקורסות האָט אויך איר נגינה".

אַ סך „גוטע יידן" זיינען באַרימט געוואָרן מיט זייערע ניגונים. חסידים גלויבן, אַז די ניגונים, וואָס זייער רבי זינגט, שטאַמען פון דער הימלישער נגינה פון די שטערן און ספירות. זיי האַלטן, אַז ווען זייער רבי האָט געהאַט עלית נשמה, ד. ה. ווען זיין נשמה איז געווען אין די

הימלען, האָט ער איבערגענומען יענע ניגונים און האָט זיי אַראָפּגע־בראַכט אויף דער וועלט, מיט זיי מהנה צו זיין זיינע חסידים.

## אַ דביקה׳לע פון סטאָלינער רבין

גענומען פון ווילנער מוזיקאַלישן פּנקס.




רב אַרעלע קאַרלינער וואָלט קיינמאָל ניט באַרימט געוואָרן, ווען ניט זיינע פּרעכטיקע חסידישע נגונים, וועלכע דער רוב חסידים זינגט זיי ביז היינט־צו־טאָג צו די זמירות פון אַלע סעודות לשבת און צו די מלוה מלכות.

דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן וועגן קאַלעווער רבין און זיינע נגונים, וועגן סאַנדזער רבין און אַנדערע רביים, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט וואונדערבאַר־פּרעכטיקע נגונים־פּערל לדורות.

חסידישע נגונים מוזן געזונגען ווערן מיט אַ שאַרפן ריטם, מיט התלהבות און אַ סך דבקות. דער ריטם דאַרף זיין אַזוי שאַרף, אַז דער זינגער אָדער די זינגער זאָלן פון התלהבות אויסטאָן פון זיך דאָס גשמיות און זיך אַריבערטראָגן און העכערע וועלטן.

טאָמער ווערט אַ חסידישער ניגון געזונגען קאַלט, אָן התלהבות, רופט עס ניט אַרויס קיין באַגייסטערונג, נאָר אַ פאַרמאַטערטקייט, מאַכט דעם איינדרוק פון לאַנגווייליקייט.

פילון, דער ייד פון אַלעקסאַנדריע, דערציילט אין זיין בוך „דע לאַ וויטאַ קאָמפּלאַטיוואַ", אַז ווען די חסידים הראשונים פון זיין צייט (לערך 100 יאָר פון דער קריסטל. צייטרעכענונג) אין מצרים, פלעגן זיך צונויפ־

קומען אין זייער שול, פלעגן זיי זינגען און טאַנצן מיט אַזוי פיל ברען, ביז מסירת נפש. די ריכטיקע נגינה איז געקומען צום אויסדרוק ביי זיי, ווען זיי האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די גשמיות.

חסידישע נגונים דאַרפן זיין תיכו רצוף אהבה, דורך און דורך ליב־שאַפט, אהבת המקום, אהבת ישראל און אהבת הבריות. דער ניגון דאַרף לעבן און מחיה זיין.

### ניגון פון הרב הלל פאריטשער

גענומען פון ווילנער מוזיקאַלישן פנקס.




דער אדמור פון נעמיראָוו האָט אַמאָל אויסגערופן: „איך בין מגלה, אַז די גאַנצע וועלט איז ניט מער ווי אַ זמר און אַ טאַנץ פאַר קודשה ברוך הוא. אַלע זיינען משוררים און זינגען זיין לויב".

„יעדער ייד איז אַ משורר, אַ זינגער; יעדעס אות פון דער תורה הקדושה איז אַ קול נגינה; יעדע נשמה אין יעדער גוף איז אויך ניט מער ווי אַ קול נגינה, ווייל יעדע נשמה איז דאָך אַן אות פון דער הייליקער תורה. אַלע נשמות צוזאַמען זיינען אינגאַנצן די תורה הקדושה, און די תורה איז דאָך אַ פּרעכטיקער זמר צו גאָט".

און ווייטער האָט דער אדמ"ור געזאָגט: „אַזוי ווי עס זיינען פאַראַן אַלערליי קולות פון נגינה, אַזוי זיינען פאַראַן אַלערליי כלים פון נגינה. יעדער מין ניגון איז באַהעפט צו דער כלי, וואָס קאָן אויסשפּילן דעם ניגון, ווייל די כלי איז דער גוף, די גשמיות, און דער נגון איז די נשמה פון דער כלי.

„יעדער מענטש איז אויך אַ קול נגינה; דאָס לעבן פון אַ מענטשן

איז אַ נגון, אַ פֿרייליכער צי אַ טרויעריקער. און אַז עס ענדיקט זיך דער נגון, פֿליט אַרויס די נשמה פֿון דעם גוף און באַהעפֿט זיך צוריק צו דער גרויסער נגינה פֿון די ספֿירות פֿאַרן כסא הכבוד. ווי איז דעם מענטשן, וואָס לעבט אָן אַ נגון. דאָס איז אַ לעבן אָן אַ נשמה; דאָס איז אַ געקריי־צעריי, אַ קרעכצעניש, — עס איז קיין לעבן נישט.

„אין יעדן כּלל, און יעדן קהל איז דאָ אַ באַזונדערער נגון. דער מנהיג, וואָס שטייט איבערן כּלל אָדער קהל איז דער קאַפּעלמייסטער פֿון דעם נגון; יעדער איינער פֿון דעם כּלל אָדער קהל קאָן זיין אַ חלק פֿון דעם נגון; יעדער מוז זיך אָנרופֿן, ווען מען באַדאַרף און וואו מען באַדאַרף. ווייל אַנדערש מאַכט ער קאַליע דעם נגון. נאָר דער קאַפּעלמייסטער, דער מנהיג, מוז קאָנען דעם גאַנצן נגון, מוז קאָנען פֿאַרריכטן דעם נגון, ווען מען באַדאַרף, און הייסן איבערחזרן, ווען מען באַדאַרף. דערהערט ער אַ פֿרעמד קול אין דעם נגון, מוז ער אים אַרויסטרייבן ווי אַ דבוק, רחמנא ליצלן, ער זאָל חס ושלום ניט איבערפֿירן דעם גאַנצן נגון.

„וואויל איז דעם קהל אָדער כּלל, וואָס אים איז באַשערט אַ פֿריילכער נגון".

„דערפֿאַר דאַרף דער חסיד זיין איינגעוויקלט אין שמחה און געזאַנג".

דאָס זינגען איז געקומען צו די חסידים פֿון אַן אַלטן אימפּעראַטיוו, פֿון תהלים, קאַפּיטל קמ"ט, וואו עס זאָגט זיך: „שירו ל"ד שיר חדש, תהלתו בקהל חסידים, — זינגט צו גאָט אַ ניי געזאַנג, זיין לויב אין דער פֿאַרזאַמלונג פֿון חסידים. זינגען דעריבער די חסידים נייע געזאַנגען צו גאָט, וואָס פֿילט זיי אָן מיט ריינער הייליקער פֿרייד און באַשיצט זיי פֿון עצבות און מרה שחורה.

די חסידישע נגונים פֿאַרמאָגן אַ סך אייגנאַרטיקייט און אַ ספּעציעלע פֿאָרם פֿון זינגען, וואָס נאָר הייסע אויפֿריכטיקע חסידים קאָנען עס.

זיי האָבן זייער רייכע מעלאָדיעס, וואָס פֿאַרכאַפּן דעם צוהערער און שלעפּן אים אַריין אין טאַנץ.

הללו שמו במחול, — לויבט גאָט מיט טענץ.

דערפֿאַר ווען חסידים זינגען אַ ניגון בצבור, ווערט אָנגעפֿילט דער חלל פֿון הויז, וואו זיי זינגען, מיט רוחניותדיקער שמחה; טאַנצן־אויס חסידים אַ ניגון מיט זייער ספּעציפֿישן חסידישן ריטם, ברענט די ערד אונטער זייערע פֿיס און די סביבה ווערט כּלו אש, — פֿלאַם־פֿייער.

ווייל דער חסיד זוכט ניט צו עגבערן זיך אין די הימלען, ווייל אויך ניט אויפֿהויבן די וועלט אין די הויכע הימלען, ווייל אויך ניט אַראָפּברענגען די אויבערשטע וועלטן אויף דער ערד; דאָס וואָס דער חסיד וויל איז גאָט אַליין, זיך באַהעפֿטן צו גאָט, און דאָס טוט ער דורך זיינע ניגונים.

קאַפּיטל זיבעצן

# אידיש - מוזיקאַלישער פאָלקלאָר אין ארץ-ישראל ביז נאָכן חורבן בית שני

פאָלקלאָר. די אַנטוויקלונג פון די פּרימיטיווע מענטשן. די אייגנשאַפטן פון יעדן פאָלק, זיין קולטור און זיין מוזיק. די צעטיילונג פון די קלאַסן. פאָלקלאָר אַלס טעמע פאַר מוזיקאַלישע ווערק. טראַדיציע פון די פעלקער. פאָלקלאָר אַלס וויסנשאַפט. יידישער מוזיקאַלישער פאָלקלאָר. די באַצייכענונג פון די עטאַפּן פון יידישער עקזיסטענץ. 40 יאָר וואַנדערן אין אַראַבישן מדבר. משה רבינו, דער משכן. יידישע ימים־טובים. די ערשטע יידישע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן. די ענדע פון דור המדבר. יהושע, שופטים, שאול המלך, דוד המלך. די מוזיקאַלישע דערגרייכונג אין ערשטן בית המקדש. פאָלקס־געזאַנגען אין ארץ־ישראל. די נגינות נאָכן חורבן בית שני. די נגינות פון די יידן אין בבל. די יידישע נגינה אין די צייטן פון בית שני. גריכישע נגינה און גריכישע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן אין בית המקדש. די יידישע נגינה נאָכן חורבן בית שני. די יידישע נגינה אין גלות.

---

פאָלקלאָר איז אַן ענגליש־דייטש וואָרט, וואָס באַדייט ידיעות פון און וועגן פאָלק, וועגן זיינע מעשיות, לעגענדעס און פון זיין אַנטשטייאונג און לעבנסשטייגער. דאָס וואָרט „פאָלקלאָר" פאַרבייט דאָס וואָרט „אַל־טערטום". מוזיקאַלישער פאָלקלאָר איז אַ היסטאָרישע וויסנשאַפט, וואָס לערנט צו קאָנען פאַרשטיין, באַנעמען און אַנאַליזירן דעם מוזיקאַלישן פאַרמעגן, מוזיקאַלישע דערגרייכונגען פון אבות, פון וועלכע דאָס פאָלק שטאַמט ארויס.

די וויסנשאַפט לערנט אויך פאַרשטיין, ווי אַזוי עס האָט זיך אַנט־וויקלט די פּרימיטיווע מוזיק פאַר דער גאַנצער צייט, וועלכע מוזיק ס׳איז פאַרלאָרן געגאַנגען פאַרן פאָלק און וועלכע מוזיק זיינע איז געבליבן אין פאָלק ביז היינט צו טאָג.

## די אַנטוויקלונג פון די פּרימיטיווע מענטשן.

דער מענטשלעכער גייסט האָט אָנגעפאַנגען צו שאַפן און צו אַנט־וויקלען די אַלגעמיינע קולטור פון זינט זיין אַנטשטייאונג אָן. ער האָט עס געשאַפן פון די פּרימיטיווע מאַטעריאַלן, זיי אויסגעסדרט פון פּרימי־טיווע פאָרמען און בהדרגהדיק אַנטוויקלט און פּערפעקציאָנירט ביז היינט צו טאָג.

לויט די קלימאַטישע און געאָגראַפישע באַדינגונגען פון די פאַר־שידענע לענדער און געגנטן, וואו דער פּרימיטיווער מענטש האָט גע־לעבט, האָט ער געשאַפן און אַנטוויקלט זיין שפּראַך, זיין קליידונג, זיין מוזיק, זיינע טענץ, זיינע מנהגים, זיין לעבנסשטייגער, זיינע טראַדיציעס און סאָציאַלע אינסטיטוציעס.

פון די זעלבע קלימאַטישע און געאָגראַפישע באַדינגונגען האָבן זיך אויך אַנטוויקלט די פאַרשידענע מענטשלעכע ראַסעס מיט זייער ספּעצ־ציפישן אויסזען און כאַראַקטער; זייערע שפּראַכן, געוואוינהייטן, קליי־דונג, טראַדיציעס, טענץ און מוזיק.

אַזוי אַרום האָבן די פּרימיטיווע מענטשן לויט זייערע ספּעציפישע לעבנס־באַדינגונגען און ספּעציפישע באַדערפענישן פון זייער עקזיסטענץ, געשאַפן אַלעס, וואָס איז פאַר זיי געווען נייטיק, צו פאַרגרינגערן און פאַרשענערן זייער לעבן. פון אָט־דעם גאַנצן לעבנסשטייגער האָט זיך ביי זיי מיט דער צייט געשאַפן אַן אייגנאַרטיקע קולטור, אַן אייגנאַרטיקע ליטעראַטור, היסטאָריע, טראַדיציע, מוזיק, מנהגים, דינים און אַ ספּעצ־ציפישע אייגענע מענטאַליטעט. זיי האָבן געזונגען לידער וועגן ליבע, אַרבעט, באַזונגען זייערע נצחונות און באַוויינט זינגענדיק זייערע ני־דערלאַגעס; געזונגען וועגן שיינע בלומען, וואַלד און וואַסער, וועגן הים־מלישע און נאַטור־געשעענישן, וועגן העלדן, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט זייער פאָלק און לאַנד; וועגן פּריוואַטן און קאָלעקטיוון לעבן, א. א. וו. די אַלע געזאַנגען זיינען מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין נאַציאָ־נאַלע מוזיק און די באַזונדערע פאַקטן, דאַטן און געשעענישן — אין געשיכטע. זיי האָבן אויך געזונגען תּפלות צו זייערע געטער, און ווען פון די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך פאַרמירט שבטים, קאָלעקטיוון און פעלקער, וועלכע האָבן באַקומען אַ ספּעציעלן אייגנאַרט און אויך אַן אָפיציעלע רעליגיע, איז אָט־די מוזיק אַריינגענומען געוואָרן אינעם פאָלקס־פאַרמעג און מ׳האָט זי גענומען זינגען אין די טעמפּלס.

## די צעטיילונג פון די מענטשן אין קלאסן.

ווי פון זיך זעלבסט האט זיך די מענטשהייט צעטיילט אין קלאסן: אין העכערע, מיטעלע און נידעריקערע. צו די העכערע קלאסן האבן באַלאנגט די געבילדעטע, די רייכע און די רעגירנדע שיכטן, און שפעטער — די אַפשטאַמיקע פון די דערמאָנטע יחסנים; צו די מיטעלע קלאסן האבן באלאנגט די אַרבעטנדיקע, די אַגריקולטאָרן, די סוחרים, די בעלי־מלאכה׳ס, די לערער, די מעקלער, א. א. וו. צו די נידעריקע קלאסן — די פרימיטיווע, די ניט־דערצויגענע, די אומוויסנדע.

די אַלע קלאסן האבן געשאפן זייער קולטור, זייער ליטעראַטור און זייער אייגנאַרטיקע מוזיק. וואס איז בנוגע מוזיק געקומען צום אויסדרוק דורך זייערע לידער, טענץ, פשוטע און רעליגיעזע מוזיק.

דאס פאָלק אין גאנצן גענומען איז דורך די אויסגערעכנטע קלאסן באַרייכערט געוואָרן מיט אַ פאַרשידנאַרטיקער מוזיק, וואָס האָט זיך אויס־קריסטאַליזירט און געוואָרן אַזוי צו זאָגן אַן אָפּיציעלע מוזיק, אַזעלכע, ווי: נאַציאָנאַלע הימנען, נאַציאָנאַלע לידער, מיליטערישע מוזיק, רעליגיעזע מוזיק, שול־געזאַנגען, אַרבעטס־לידער, פעלד־געזאַנגען ביי די פויערים, פּאָפּולערע מוזיק און מוזיק וועגן קלאַסנקאַמף.

די אויבן־אויסגערעכנטע מוזיק פון די קלאַסן איז מיט דער צייט גע־וואָרן די הויפּט־טעמע פון די מוזיקאַלישע גאונים, וועלכע האָבן פון אָט־דעם קוואַל געשעפּט מיט פולע עמערס, כדי צו שאַפן די גרויסע דערהאַ־בענע סימפאָניעס, קאָמפּאָזיציעס און פיינע, ראַפינירטע מוזיק, וועלכע איז געוואָרן די קלאַסישע מוזיק פון פאָלק.

## די טראַדיציאָנעלע פאָלקס־מוזיק.

די פאָלקס־מוזיק איז שטאַרק פאַרבונדן מיט די סאָציאַלע לעבנס־באַדינגונגען פון יעדן פאָלק און זי ברענגט צום אויסדרוק אַלע פאַזן פון פאָלקס־לעבן פון אַלע תקופות, אַזעלכע ווי די שפּראַך, קליידונג, טענץ, מנהגים, היסטאָריע, ליטעראַטור א. א. וו.

אָט־די אַלע פּרטים פונעם פאָלקס־לעבן אַרויסשיילן, אַרויסבאַקומען פון דער מוזיק — דאָס איז די אייגנטלעכע אויפגאַבע פון די יעניקע, וואָס פאַרנעמען זיך מיט שטודירן דעם פאָלקלאָר פון די פעלקער. אויף זיי איז חל אויסצופאָרשן די גייסטיקע דערגרייכונגען פון די מענטשן פון יעדן פאָלק פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, אָנגעהויבן פון זייער פּרימיטיוון צושטאַנד, נאָכגיין זייער עוואָלוציע פאַרן משך פון דורות און פאַרפיקסירן זייערע דערגרייכונגען ביז דער לעצטער צייט.

דער פאָלקלאָר אַלס וויסנשאַפט האָט שטאַרק פּראָגרעסירט אינעם

19טן יאָרהונדערט. אין יעדן פֿאָלק זיינען פֿאַראַן מוזיקאָלאָגן, וועלכע ווידמען זיך צו פֿאָרשן די פֿאַרגאַנגענהייט פֿון זייערע פּרימיטיווע לאַנדסלייט, זייערע מוזיקאַלישע דערגרייכונגען, און די עוואָלוציע און פּראָגרעס, וואָס זייער מוזיק האָט געמאַכט, פֿון יענעם ווייטן עבר ביז היינט צו טאָג.

## יידישער מוזיקאַלישער פֿאָלקלאָר.

די מוזיקאָלאָגן פֿון די פֿעלקער, וועלכע זיצן סטאַביל זייט טויזנטער יאָרן אויף זייער באָדן, האָבן אַ פֿאַרהעלטנישמעסיק לייכטע אַרבעט צו לערנען און צו פֿאָרשן מוזיק פֿון זייערע לאַנדסלייט, ווען זיי זיינען נאָך געווען אין אַ פּרימיטיוון צושטאַנד.

עס איז פֿאַר זיי לייכט נאָכצוגיין די עוואָלוציע און פּראָגרעס פֿון יענער מוזיק, ווייל זייער פֿאָלק האָט זיך ניט אָפּגעטיילט פֿון זיין לאַנד, און די עוואָלוציע איז אָנגעגאַנגען נאַטירלעך, פּונקט ווי די געוויקסן און די בוימער פֿון לאַנד, וואָס זיינען געוואַקסן נאַטירלעך, זיך צעבליט און געגעבן זאַפֿטיקע פּרוכטן.

גאָר אַנדערש און אַ סך שווערער איז דער ענין, ווען מיר טרערן־צו צו פֿאָרשן אונדזער יידישן מוזיקאַלישן פֿאָלקלאָר, די מוזיק פֿון אונדזער פֿאָלק אין זיין התחלהדיקן צושטאַנד. דאָ מוז אַזאַ פֿאָרשער באַזייטיקן אומגעהויערע טעכנישע שוועריקייטן. ווייל נאָך זייענדיק אַ רעלאַטיוו יונג פֿאָלק, האָט מען די יידן אָפּגעריסן פֿון זייער שטאַם, זיי אַרויסגעריסן מיט די וואָרצלען פֿון זייער לאַנד זייט 1880 יאָר, געמאַכט פֿון זיי אַ וואַנדערפֿאָלק, און זיי צעזייט און צעשפּרייט אויפֿן גאַנצן ערד־קיילעך אין קלענערע און גרעסערע גרופּעס, אונטערגעוואָרפֿן צו שרעקלעכע רדיפֿות און דערנידעריקונגען, געטריבן צו וואַנדערן פֿון לאַנד צו לאַנד און אין די ערגסטע באַדינגונגען. דער היסטאָרישער פֿאָדעם, וואָס האָלט זיי פֿאַרבונדן מיטן עבר, האָט זיך גאַנץ אָפֿט איבערגעריסן. עס זיינען אַזוי אַרום געבליבן אַ סך בלויזן אין אונדזער היסטאָרישער עוואָלוציע.

דער יידישער פֿאָרשער, דער יידישער מוזיקאָלאָג, וואָס וויל אויספֿאָרשן די גייסטיקע דערגרייכונגען פֿון דעם פּרימיטיוון ייד, מוז זוכן די ברעגן פֿון די איבערגעריסענע היסטאָרישע פֿעדים און פּרוואוון זיי צונויפֿבינדן, באַהעפֿטן איין ברעג מיטן צווייטן, אויספֿילן די היסטאָרישע בלויזן און שאַפֿן אַ גאַנץ בילד פֿון דעם יידישן פּרימיטיוון מענטש, געוואויר ווערן וועגן זיינע דערגרייכונגען און וועגן דער עוואָלוציע, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט.

כדי דאָס צו דערגרייכן, מוז מען טיילן די צייט פֿון דער יידישער עקזיסטענץ גאַנץ אַנדערש ווי עס טיילן זייער צייט די אַנדערע פֿעלקער. זיי,

די אַנדערע פעלקער, האָבן באַצייכנט אין גרויסע עפּאָכן די עטאַפּן פון זייער עקזיסטענץ; יעדער עטאַפּ איז אַ תקופה פון אַ סך הונדערטער יאָרן. „אַלטערטום”, ביז לערך דעם 9טן יאָרהונדערט לויט דער נייער צייט־רע־כענונג; „מיטלאַלטער”, ביז דעם 15־טן יאָרהונדערט און „די נייע צייט”, אָנגעהויבן פונעם 15טן יאָרהונדערט.

די יידן ציילן די צייט פון זייער עקזיסטענץ ניט לויט דער נייער, נאָר פון דער אַלטער צייט־רעכענונג, פון יציאת מצרים, לערך 1500 פאַר דער נייע צייט־רעכענונג. נאָכדעם קומט די תקופה פון די שופטים, פון עתניאל בן קנז ביז שמואל הנביא; די מלוכה פון דוד און שלמה, די צייט פון בית־ראשון און גלות בבל; די תקופה פון בית שני אונטער דער ממשלה פון פּרס, גריכנלאַנד און רוים, און פון דער לעצטער נאַציאָנאַ־לער קאַטאַסטראָפע נאָכן חורבן בית שני...

אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, אין מצרים, קאָן קיין רייד נישט זיין וועגן יידישן פאָלקלאָר און וועגן יידישער שאַפונג, ווייל די יידן האָבן דאָרט געשקלאַפט, געבויט הערלעכע געביידעס פאַר די פּרעה׳ס, געווען אונטערגעוואָרפן אונטער אַ שטרענגער דיסציפּלין, ניט געקאָנט פאַרטיי־דיקן אפילו זייערע אייגענע קינדער פון קעניגס באַפעל, זיי צו וואַרפן אין טייך. זיי זיינען דאָרט געווען דערשלאָגן, דערנידעריקט און אומוויסנ־דיק גאַנצע 410 יאָר אַלס געדריקטע קנעכט.

במשך די 40 יאָר, וואָס די יידן האָבן געוואַנדערט אין אַראַבישן מדבר, האָט משה זיי געזוכט צו געבן די געהעריקע דערציאונג און זעלבסט־ווירדע; ער האָט געזוכט זיי צו באַפרייען פון שקלאַפן־פּסיכאָז. האָט ער פאַר זיי געשאַפן געזעצן צו רעגולירן זייער פּריוואַט און קאָלעקטיוו לעבן.

כדי אויסצובעסערן זייערע שלעכטע נייגונגען, די ירושה פון שקלאַ־פנטום און צו פאַרמערן זייער וואוילשטאַנד, האָט ער פאַר זיי אַרויסגעגעבן געזעצן, ווי צו לעבן אַלס אַ פריי פאָלק. אפילו פאַר זייער באַשפּייזונג, פאַר זייער געזונטהייט און פאַר דער באַהאַנדלונג פון די קראַנקהייטן, צו וועלכע זיי זיינען געווען אויסגעשטעלט, האָט ער געזאָרגט און געשאַפן די געהעריקע דינים.

כדי זיי צו צווינגען צו גיין אויפן דרך הישר, האָט ער פאַר זיי אויס־גערעכנט אַ סך ברכות, פון וועלכע עס וועלן געניסן יענע, וואָס וועלן אויס־פאָלגן אַלע געזעצן, און גאָר אַ סך קללות פאַר די יעניקע, וואָס וועלן ניט אויספאָלגן די אַרויסגעגעבענע געזעצן.

משה האָט געשאַפן פאַר יענע יידן אַ משכן אין דער מדבר, וואו גאָט זאָל רוען צווישן זיי; האָט זיי געגעבן דעם שבת, און די ימים טובים: פּסח, שבועות און סוכות, וואָס זיי זאָלן פייערן, ווען זיי וועלן זיך באַזעצן אינעם צוגעזאָגטן לאַנד.

האָט איינגעאָרדנט אין משכן די עבודת־הקודש, אויסגעפירט פון אהרן

און זיינע זין; האָט זיי געגעבן די צען געבאָט, כדי צו לעבן אַ ריין מאָראַליש לעבן, און האָט זיי שטרענג אָנגעזאָגט: „כמעשה ארץ מצרים, אשר ישבתם בה, לא תעשו, וכמעשה ארץ־כנען, אשר אני מביא אתכם שמה, לא תעשו, ובחקתיהם לא תלכו" (ויקרא י"ח) — זיי זאָלן ניט נאָכטאָן די מצרים צווישן וועלכע זיי האָבן געלעבט און זאָלן אויך ניט נאָכטאָן די כנענים, וואוהין גאָט ברענגט זיי, און זאָלן ניט נאָכמאַכן זייערע געזעצן.

משה האָט זיי אויך געלערנט אין דער מדבר ווי צו מאַכן די ערשטע מעטאַלענע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן, די חצוצרות, און האָט זיי אָנגע־זאָגט: „וביום שמחתכם ומועדיכם ובראשי חדשיכם, ותקעתם בחצוצרות" (במדבר י') — אין אייערע פריידן, ימים־טובים און ראש חדש זאָלט איר בלאָזן אין די חצוצרות, טרומייטערס.

## די ענדע פון דור המדבר.

דער דור המדבר, די באַפרייטע שקלאַפן, האָבן ניט געקאָנט פאַרנע־מען משה'ס תורה און האָבן כסדר רעוואָלטירט און פּראָטעסטירט. לכתחילה איז געווען די טענה: המבלי אין קברים במצרים? — איז דען ניטאָ קיין קברים אין מצרים, וואָס דו האָסט אונדז אַרויסגעפירט פון דאָרט, אַז מיר זאָלן שטאַרבן אין דער מדבר? ווער האָט דיך געבעטן זאָלסט אונדז אַרויס־נעמען פון מצרים! אין „מרה" האָבן זיי ניט געקאָנט טרינקען דאָס וואַ־סער, — ס'איז געווען ביטער. האָבן זיי פּראָטעסטירט פאַר משהן: „וילנו העם על משה לאמר: מה נשתה? — וואָס וועלן מיר טרינקען? אין מדבר „סין" האָבן זיי אַלע פּראָטעסטירט פאַר משהן און אהרנען מיט דער טענה: „הלוואי וואָלטן מיר בעסער געשטאָרבן אין מצרים, וואו מיר זיינען געזעסן ביים טאָפּ פלייש און געגעסן ברויט צו זעט". זיי זיינען געווען ברוגז, פאַרוואָס מען האָט זיי אַרויסגענומען פון מצרים אין דעם מדבר צו לאָזן זיי אויסשטאַרבן פון הונגער. משה האָט אָנגעזאָגט אַז שבת זאָל מען ניט אַרויסגיין קלויבן קיין „מן". זיינען זיי יאָ געגאַנגען. אין „רדיפים" איז ניט געווען קיין וואַסער צו טרינקען, האָבן זיי זיך צונויפגעזאַמלט פאַר משהן מיטן געשריי: „גיב אונדז וואַסער צום טרינקען!". „וירב העם עם משה ויאמרו: תנו לנו מים ונשתה!" נאָך מתן תורה האָבן זיי געמאַכט דעם עגל און מקריב געווען צו אים קרבנות... זיי האָבן געמוזט אויסשטאַרבן אין דער מדבר, ניט געווען קיין מעגלעכקייטן זיי צו ציוויליזירן.

אויף וועמען משה האָט געלייגט גרויסע האָפענונגען, איז געווען דער נייער דור, וואָס איז אויסגעוואַקסן במשך אָט־די 40 יאָר וואַנדערונג אין דער מדבר, און איז דערצויגן געוואָרן אונטער זיין השפעה און געגאַסן פון דער לערע פון די זקנים. זיי זיינען אַריינגעקומען אין דעם פאַרשפּראָ־כענעם לאַנד מיט אַ פאַרטיקן גייסטיקן באַגאַזש פון דינים און רעגלאַ־

מענטן, ווי צו לעבן אַ מאָראַליש און אַ ציוויליזירט לעבן און ווי צו פירן אַ מלוכה מיט אַלע נייטיקע אַטריבוטן.

## יהושוע און די צייטן פון די שופטים.

אונטער דער אָנפירערשאַפט פון יהשוע, משה'ס תלמיד און נאָכפאָלגער, האָט דאָס פאָלק ישראל איינגיבן באַזיגט דאָס לאַנד כנען, וועלכעס איז שפּעטער על פּי גורל צעטיילט געוואָרן צו די שבטים. אויף דעם לאַנד האָבן זיי זיך דעפיניטיוו באַזעצט און אָנגעהויבן צו באַאַרבעטן די ערד. ביי דער אַגריקולטור־אַרבעט האָבן זיי אָנגעהויבן צו שאַפן זייער אייגנאַרטיקע קולטור בכלל און מוזיק בפרט. יעדער דור האָט צוגעטראָגן עפּעס נייעס צו דער אַלגעמיינער קולטור בכלל און מוזיק בפרט. אַזוי, אַז במשך דער תקופה פון די שופטים, וואָס האָט געדויערט לערך 366 יאָר, האָט זיך אַנגעקליבן ביים פאָלק אַ סך פאַרשידנאַרטיקע מינים מוזיק: פּרימיטיווע געזאַנגען, פאָלקס־מוזיק און רעליגיעזע מוזיק. די פּרימיטיווע נגינה האָט זיך געשאַפן ביי די יידן באַגלייך מיט אַלע אַגריקולטור־פעלקער, ביי דער פעלד־אַרבעט (זע אויבן).

ווען די פּרימיטיווע מוזיק איז אַריבער אין די גרעסערע ישובים, אין די שטעט, איז זי פאַרוואַנדלגט געוואָרן אין פאָלקס־ און רעליגיעזע מוזיק. און זי האָט זיך דאָרט אויסקריסטאַליזירט, ראַפינירט.

## די מוזיקאַלישע דערגרייכונגען אין די צייטן פון דוד המלך און פון בית ראשון.

די פּרימיטיווע מוזיק, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען און פּראָגרעסירן אין די צייטן פון די שופטים, האָט זיך אין די צייטן פון דוד המלך פאַרוואַנדלט אין אַ צעבליטער און פאַרצווייגטער פאָלקס־רעליגיעזער און מיליטערישער מוזיק.

די אַלע מוזיקאַלישע פאָרמעס, איבערהויפּט די פאָלקס־ און רעליגיעזע מוזיק, האָבן דערגרייכט די העכסטע שטופע פון פּערפעקציע, אָרגאַניזאַציע און סטאַביליטעט אין די געזאַנגען און מוזיקאַלישן צוזאַמענשפּיל פון ערשטן בית־המקדש, וואָס שלמה המלך האָט אויסגעבויט.

דער שטענדיקער פּראָגרעס פון דער ריינער יידישער נגינה אין בית־המקדש האָט אָנגעהאַלטן 410 יאָר צייט און האָט באַרייכערט דאָס לאַנד מיט וואונדערבאַרע געזאַנגען פון די מזמורים, הימנען און אויך מיט האַרציקע נגונים, וואָס דאָס פאָלק האָט געזונגען ביי אַלע געלעגנהייטן.

במשך דער גאַנצער צייט פון ערשטן בית־המקדש זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן גרויסע כאָרן און אָרקעסטערס צו זינגען אין בית המקדש און פאַרן פאָלק, ביי פאַרשידענע פאָלקס־ און פאַמיליע־פייערונגען. עס האָט זיך

אויסגעבילדעט א שטאַב פון גוטע מוזיק־לערער, „מלמדי שיר", צו לערנען זינגען און שפילן אויף די פאַרשידנדיקסטע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן. עס זיינען אויך געשאַפן געוואָרן נייע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן און עס האָבן זיך אַנטפּלעקט גרויסע ווירטואָזן פון פאַרשידענע מוזיקאַלישע אינס־טרומענטן און באַגאַבטע דיריגענטן, אַזויגערופענע „מנצחים" אָנצופירן מיט די כאָרן און אָרקעסטערס.

אין פאָלק האָט מען געזונגען וועגן דער שיינער פּילפּאַרביקער ארץ־ישראל־נאַטור, וועגן די בערג און שיינע טאָלן, וועגן די שיינע, פּילקאָלי־ריקע שמעקעדיקע ארץ־ישראל־בלומען, וועגן ליבע, וועגן די שיינע פעלדער און גערטנער, וועגן גוטער פּרוכט און שטאַרקן וויין, וועגן סטאַדעס שאָף און ציגן, וועגן גוטע גערעטעניש אין פעלד און אין די וויינגערטנער, וועגן ארץ־ישראל־וואַסערן און קוואַלן. אויך האָט מען געזונגען ביי רעליגיעזע פייערונגען די הייליקע מזמורים, וואָס זיינען געווען איינגעפירט אין בית־המקדש אין ירושלים און וועלכע האָבן זיך פאַרשפּרייט איבערן לאַנד דורך די עולי־רגל.

## מוזיק אין ארץ־ישראל, נאָכן חורבן בית־ראשון.

במשך די 70 יאָר, נאָכן חורבן פון דעם ערשטן בית־המקדש זיינען צוגעקומען נייע לידער: לידער פון טרויער אויפן חורבן בית־המקדש און אויפן חורבן פון פאָלק און לאַנד, און אויך לידער פון טרייסט און האָפענונג, אַז גאָט וועט צוריקבויען זיין הויז, זיין פאָלק און זיין לאַנד.

זיינען צו די נייע לידער צוגעקומען נייע מעלאָדיען און נייער ריטם, וועלכע דאָס פאָלק האָט געזונגען מיט געפיל און גלויבן. צו דער זעלבער צייט זיינען אויך ניט פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן די פריערדיגע פאָלקס־גע־זאַנגען און די געזאַנגען, וואָס מען האָט געזונגען אין בית־המקדש, און מען האָט זיי געזונגען ביי די פאַרשידענע געלעגנהייטן.

## ארץ־ישראל־נגינה אין בבל.

די יידן, וואָס זיינען פאַרטריבן געוואָרן אין בבל, האָבן אויך אָנגע־האַלטן במשך דער גאַנצער צייט פון זייער גלות די טראַדיציאָנעלע נגינות פון די מזמורים, וואָס די לוים האָבן געזונגען אין בית־המקדש, און אויך די פאָלקס־געזאַנגען, וואָס זיי האָבן געזונגען פריער אין ארץ־ישראל. אויך זיי, באַגלייך מיט זייערע ברידער אין ארץ־ישראל, האָבן במשך דער צייט פון גלות געזונגען נייע לידער פון טרויער און פון האָפענונג און אויך נייע תפלות צו זינגען אין זייערע בתי כנסיות בעטנדיק אויף גאולת העם והארץ.

די נגינה צו די נייע תפלות האָט מען געשאַפן אין בבל גופא. צו איי־ניקע תפלות האָט מען אויך צוגעפּאַסט ארץ־ישראלדיקע מעלאָדיען און צו

אייניקע האָט מען איבערגעטראָגן די נגינות פון די מזמורים, וואָס מען האָט געזונגען אין בית־המקדש.

אין אַלגעמיין האָבן די יידן אין גלות בבל געזונגען ארץ־ישראל־גע־זאַנגען ביי אַלע געלעגנהייטן, אין פּריוואַטן און אין קאָלעקטיוון לעבן. און ווען די פאַרטריבענע יידן האָבן זיך צוריק געקערט פון בבל קיין ארץ־ישראל האָבן זיי מיטגעבראַכט זינגער און זינגערינס, וועלכע האָבן גע־קאָנט גוט זינגען די יידישע ארץ־ישראלדיקע פאָלקס־ און רעליגיעזע גע־זאַנגען.

## די יידישע נגינה אין ארץ־ישראל אין די צייטן פון בית־שני

אַ גרויסע ענדערונג אין דער יידישער פאָלקס־מוזיק און אויך אין דער רעליגיעזער מוזיק, האָט זיך שטאַרק געמערקט אין די צייטן פון צווייטן בית־המקדש, וואָס האָט געדויערט לערך 420 יאָר. אין דאָזיקן בית־המקדש, וואו מען האָט נאָך אָנגעהאַלטן מער־ווייניציק די נגינה פון ערשטן בית המקדש, איז אונטער דער השפּעה פון די העלעניסטן אַריינגענומען געוואָרן אין עבודת הקודש גריכישע נגינה און אויך נייע גריכישע אינסטרומענטן.

אויך אין פאָלק האָט אַריינגעשטראָמט דער גריכישער מעלאָס מיטן גריכישן ריטם, וואָס האָט פאַר משך פון אַ לאַנגער צייט פאַרטונקלט דעם ריינעם יידישן מעלאָס און ריטם. (די ענדערונגען האָבן, אגב, אין יענער צייט, פאַראורזאַכט גרויסע אינערלעכע קאַמפן ביי די יידן צווישן די אָנ־הענגער פון דער גריכישער קולטור און נגינה און די אָנהענגער פון דער ריינער יידישער קולטור, טראַדיציע און נגינה).

אָט־די לאַגע האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז יהודה המכבי האָט באַ־זיגט די גריכן. ערשט דאַמאָלסט האָט ער באַזייטיקט דעם גריכישן איינפלוס אין בית־המקדש און אין פאָלק, האָט פון אומעטום אַרויסגעשטויסן דעם גריכישן מעלאָס און ריטם, צוריק איינגעפירט אין בית־המקדש די יידישע טראַדיציאָנעלע נגינה פון בית־ראשון און אין גאַנץ ארץ־ישראל האָט מען ווידער געזונגען די ריינע יידישע נגינה. דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן מיט קליינע ענדערונגען ביזן נאָכן חורבן פון צווייטן בית המקדש.

## נאָכן חורבן פון צווייטן בית המקדש.

נאָכן חורבן בית שני איז אין יידישן לעבן אויסגעלאָשן געוואָרן יעדער סאָרט פריילעכקייט און אַלע מינים מוזיקאַלישע פאַרווייליונגען. „משבטלה סנהדרין, בטל השיר מבית המשתאות" (סוטה מ"ח, עמוד א'), — אַז עס איז בטל געוואָרן דער סנהדרין, האָט מען בטל געמאַכט (פאַרבאָטן) מוזי־קאַלישע פאַרווייליונגען אין די טרינק־הייזער. דאָס יידישע פאָלק האָט זיך איינגעוויקלט אין טרויער און ניט געוואָלט וויסן פון פרייד און פאַרוויי־

לונגען. איבערהויפּט האָט זיך געפילט דער טרויער, ווען דאָס יידישע פאָלק איז געצוואונגען געוואָרן צו גיין אין גלות, און דער גלות האָט צעריסן דעם גוף פון יידישן פאָלק אויף שטיקער און די שטיקער צעוואָרפן איבערן גאַנצן ערד־קיילעך.

דאַן האָט מען אויפגעהערט צו זינגען די פריילעכע פאָלקס־געזאַנגען וועגן ווייַן און בלומען, וועגן גערעטעניש אויפן פעלד און אין די וויינ־גערטנער, וועגן די שיינע בערג און טאָלן; מען האָט נאָר געזונגען עלעגיעס, קלאָג־לידער, וועגן דעם גרויסן בראָך, וואָס האָט געטראָפן דאָס יידישע פאָלק.

די איינציקע נגינה, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אין פאָלק, איז געווען די אַלטע, די טראַדיציאָנעלע נגינה, מיט וועלכער מען האָט געזונגען די מזמו־רים און תפלות אין בית־המקדש. אָט־די נגינה האָט ניט נאָר נישט אויפגע־הערט, נאָר זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אומצעשטערבאַרן פאָלקס־אוצר, וועלכן יעדע יידישע פאָלקסגרופּע האָט מיטגענומען מיט זיך אין גלות און דערמיט באַקליידט אירע תפלות און בקשות צו גאָט.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז במשך דער צייט פון לאַנגן גלות איז אָט־דער פאָלקס־אוצר, די יידישע טראַדיציאָנעלע נגינה, שטאַרק איינגעטריקנט געוואָרן. פונדעסטוועגן פילט מען דאָך, ווי געזאָגט, זיין געשמאַק און טעם, ווי מען פילט די אָנוועזנהייט פון אַן אַלטער געטרייער מוטער, אין די נוסחאות פון שלש־רגלים, ימים־נוראים, קריאת־התורה, נביאים, כתובים, און מגילות, און אינעם געזאַנג ביים לערנען תורה (מגילה, ל״ב).

קאַפּיטל אַכצן

# יידישער מוזיקאַלישער פֿאָלקלאָר אין גלות פֿאַר די לעצטע 1880 יאָר

**יידישער מוזיקאַלישער פֿאָלקלאָר אין גלות. ניט דערגרייכט די השפּעה פֿון פרעמדע מוזיק. די אָפּגעשיידטקייט פֿון די יידן פֿון פרעמדע פעלקער. די פֿאַרשלאָסענע טירן פֿאַר די יידן פֿון דער אויסערלעכער וועלט. דער אומגעזעענער כח וואָס האָט די יידן ניט דערלאָזט אויסצומישן זיך מיט די פעלקער. יידישע קולטור אין גלות. יידישע רעליגיעזע פּיוטים, תפלות אין גלות. יידישע נגינה צו די פּיוטים און תפלות. די ספּעציפישע יידישע טאָן־אַרטן. די אכזריותדיקע מעטאָדן צו דריקן די יידן, אָנגעווענדט אין גלות. די נגינות צו לערנען תורה, תלמוד, א"אַ. לידער פֿון היסטאָרישע געשעענישן. סאָציאַלע דערגרייכונגען, איבערלעבונגען און פּאָליטישע אַספּעקטן אין גלות. די נגינה צו די דערמאָנטע לידער. די אָריגינאַליטעט פֿון דער יידישער נגינה אין גלות. די ספּעציפישע אייגנשאַפט פֿון דער גלות־נגינה. די רייכקייט און פֿאַרשידנאַרטיקייט פֿון דעם גלות־פֿאָלקלאָר. אונדזערע טראָוואַדאָרן אין גלות, חסידישער פֿאָלקלאָר.**

---

אין משך פֿון דער צייט פֿון אונדזער איצטיקן גלות (הלוואי זאָל ער שוין זיין דער לעצטער!) האָט זיך אָנגעהויבן צו שאַפֿן ביי די יידן אַ שפּאָגל נייער פֿאָלקלאָר אין אַלע לענדער, וואו זיי האָבן זיך באַזעצט.

יידן האָבן מער ניט געקאָנט לעבן מיט דער איינגעוואָרטער מוזיק,

וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון ארץ־ישראל, און זיי האָבן גענומען שאַפן נייע אויסדרוק־מיטלען, נייע מעלאָדיעס און אויך נייע דיאַלעקטן, לויט דעם ווי די צייט און די אומשטענדן האָבן געפאָדערט און דערלויבט. דער יידישער שאַפונגס־דראַנג און שאַפונגס־פעאיקייט האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט און ניט שוואַכער געוואָרן מיטן אוועקגיין אין גלות. פאַרקערט, דער יידישער שאַפונגס־גייסט האָט זיך צעבליט און פאַרוואַנדלט דעם גלות אין אַן אייגענער סוּווערענער באַוועגלעכער טעריטאָריע; געהייליקט דעם באָדן מיט יידישן ריינעם און ציכטיקן אָרט לעבן; דער ייד האָט אויך אין גלות געשאַפן זיין קולטור, זיין ליטעראַטור און זיין מוזיק, וועלכע זיינען פון פאָלק אָנגענומען געוואָרן ווי זיי וואָלטן געגעבן געוואָרן צו די יידן אויפן באַרג סיני, ווי סיני־ניגונים.

געהאָלפן צו דעם האָט די בבלער יידישע טראַדיציע, וועלכע איז אַריבערגעבראַכט געוואָרן און איז איבערגעפלאַנצט געוואָרן אין גלות דורך די איינגעוואַנדערטע גדולי־התורה, וואָס זיינען אַהינגעקומען פון יענע לענדער דורך שפּאַניע, פראַנקרייך און איטאַליע.

די יידישע נגינה ביים דאַוונען איז געווען די אַלטע פאָרמע, וואָס מען האָט מיטגענומען פון ארץ־ישראל קיין בבל און אין די אַנדערע לענדער פון מזרח און מעריב, וואו יידן האָבן זיך באַזעצט.

אָט־די נגינה איז פיל באַרייכערט געוואָרן אין גלות דורך די חזנים און בעלי־תפלות, וועלכע האָבן איינגעשטעלט און קאָנאָנזירט די געזאַנג־נוסחאות פון שבת, שלש רגלים, ימים נוראים, און צופעליקע תפלות, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן בכל תפוצות ישראל ביז צו אונדזער צייט.

דער נייער יידישער מוזיקאַלישער פאָלקלאָר האָט זיך ניט געשאַפן און אַנטוויקלט ביי ערד־אַרבעט, אויף אַ נאַטירלעכן שטייגער, ווי יענער ערשטער יידישער פאָלקלאָר, וואָס האָט זיך געשאַפן, ווען די יידן האָבן זיך באַזעצט פעסט אויף זייער לאַנד, אַ פאָלקלאָר, פון וועלכן עס האָט זיך געפילט דער נאַטירלעכער ריח־השדה, נאָר האָט זיך געשאַפן פון די סאָציאַלע אומשטענדן, סאָציאַלע איבערלעבונגען און סאָציאַלע נויטווענדיקייטן, אין וועלכע די יידן איז אויסגעקומען צו לעבן אין גלות, און אויך פון יידישער אייגנאַרטיקייט, גייסטיקער שיינקייט און שטאַרקייט, וואָס יידן האָבן אָנגעהאַלטן אין זייער לעבן.

ווען מיר טרעטן־צו צו פאָרשן דעם מוזיקאַלישן פאָלקלאָר פון די יידן אין די ערשטע צייטן פון גלות, האָבן מיר פאַר זיך אַ קלאָר בילד, ווי אַזוי און פאַרוואָס ער איז געשאַפן געוואָרן אַ ריין־יידישער, אָן דער השפּעה פון דער פרעמדער נגינה, פון דער סביבה, וואו יידן האָבן געלעבט.

ווייל אין יענע צייטן האָט זיך דער ייד אין גלות געהאַלטן ביי זיין סקאַרבאָווער נגינה און זיך ווייניק צוגעהערט צו מוזיק בכלל, און אודאי ניט צו פרעמדער מוזיק. מיר טרעפן דאָרט יידן, וועלכע האָבן געקאָנט אַ

סך סעמיטישע און אייראָפּעאישע שפּראַכן, זיינען געווען גוט באַקאַנט מיט דער אַלגעמיינער קולטור און וויסנשאַפטן פון יענע פעלקער און לענ־דער, אָבער קיינער אָדער כמעט קיינער פון זיי האָט נישט געקאָנט די נגינות פון אָט־די פעלקער.

אויסער דעם איז דער ייד אין גלות געווען געצוואונגען מבפנים, פון זיין אינערלעכן קהלשן און פריוואַטן לעבן, צו זיין אָפּגעשיידט פון דער אַרומיקער ניט־יידישער באַפעלקערונג צוליב זיין אָפּהיטן שבת ויום טוב, כשרות, טהרת המשפחה, קליידונג און טראַדיציעס, און אויך מבחוץ, פון דער אויסערלעכער וועלט, האָבן די פעלקער פאַרמאַכט אַלע זייערע טירן פאַר דעם ייד און אים ניט אַריינגעלאָזט אין זייער וועלט, אויסער ביי ספּע־ציעלע באַדינגונגען, וואָס פאַר די יידן איז עס געווען אוממעגלעך אָנצו־נעמען.

אַזוי אַרום איז דאָס יידישע פאָלק געשטעלט געוואָרן צו זיין אַן עם לבדד ישכון, — אַ פאָלק וואָס לעבט צווישן אַזוי פיל פעלקער און לעבט פונדעסטוועגן אַליין, אָפּגעזונדערט און פירט זיין אייגנאַרטיק לעבן.

עס האָט קיין מאָל ניט געהאָלפן יענע יידן, וואָס האָבן דורך פאַר־שידענע מיטלען זיך געוואָלט מיט געוואַלד אַריינרייסן דורך די פאַרמאַכטע טירן אינעם לעבן פון די פעלקער, אפילו דורך די „הינטערשטע" טירן האָבן זיי דאָס נישט באַוויזן. מען האָט זיי כסדר צוריקגעשטויסן. און די יע־ניקע, וועלכע האָבן זיך יאָ אַריינגעריסן אין שטח פון די פרעמדע פעלקער, זיינען זיי שטענדיק פון אָט־די פעלקער אויסגענוצט געוואָרן און נאָכהער זיינען זיי אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון זייער מיט, באַליידיקטע, באַשפּי־גענע און צעטראָטענע.

עס האָט זיי אויך ניט געהאָלפן דאָס בייטן זייער שפּראַך, זייער קליי־דונג, זייער אַרט לעבן, זייערע מאַנירן, זייער בילדונג און זייער רייכטום; און אָפּטמאָל האָט אויך אפילו שמד, דאָס אָננעמען אַ פרעמדן גלויבן, נישט געהאָלפן, כדי איינצוקלאַמערן זיך, איינצוגלידערן זיך אין די אַרומיקע פעלקער. עפּעס אַן אומגעזעענער כח האָט זיי אַרויסגעשטויסן פון צווישן די פרעמדע פעלקער, און אָפּטמאָל דווקא אין דער צייט, ווען זיי האָבן גע־מיינט, אַז זיי זיינען שוין דאָרט זיכער.

איבער די דערמאָנטע מאָטיוון האָט דער ייד געשאַפן זיין אייגענע קולטור אין גלות, פונקט ווי אַמאָל אין ארץ־ישראל; האָט אָנגעהאַלטן זיין אייגענעם אַרט לעבן לויט זיין טראַדיציע, וואָס ער האָט מיטגענומען פון ארץ־ישראל; האָט אָפּגעהיט זיינע שבתים און ימים־טובים, זיינע דינים און מנהגים ווי אַמאָל אין ארץ־ישראל; האָט אָפּגעהיט זיין אַלטע ליטע־ראַטור און געשאַפן אַ נייע, אַ רבנישע, אַ פאָלקסטימלעכע און רעליגיעזע ליטעראַטור; ער האָט אויך אָפּגעהיט זיינע טראַדיציאָנעלע, סקאַרבאָווע ני־

גונים און האָט געשאַפן אַ נייע רעליגיעזע נגינה, אַ פאָלקס־פּאָעזיע און פאָלקס־מוזיק.

צו דער רעליגיעזער פּאָעזיע און צו די תפלות האָבן זיך געשאַפן ווי פון זיך אַליין ספּעציפישע יידישע גלות־מעלאָדיעס, וואָס דריקן אויס די אומגעהויערע ליידן פון גלות אין אַזעלכע טאָן־אַרטן און פאָרמען, וואָס קיין אומה ולשון האָט עס ניט און קאָן עס ניט האָבן, ווייל קיין איינע פון זיי האָבן קיינמאָל ניט געפילט אַזאַ ביטערן טעם פון גלות. די טאָן־אַרטן פאַרמאָגן אין זיך אַזאַ מין גייסטיק־כעמישן צוזאַמענמיש, אין וועלכן עס גייען־אַריין די אומגעהויערע יידישע יסורים און פיין פון גלות, גייס־טיקע גבורה, אהבת הבורה, קדושה אמונה און בטחון.

די טאָן־אַרטן ווערן אָנגערופן גוסטן.

די דערמאָנטע נייע טאָן־אַרטן זיינען פאַרוואָרצלט אין די אכזריותן צום יידישן פאָלק, אָנגעהויבן פון מלכות רוים, סיי באַלד נאָכן חורבן און אויך שפּעטער, מיט נאָך מער גרוזאַמקייט, נאָכן דורכפאַל פון בר־כוכבא׳ס באַפרייאונגס־קאַמף, און פאַרענדיקט ביי די פעלקער, צווישן וועלכע די יידן האָבן געלעבט, וועלכע האָבן איבערגענומען פון רוים די אכזריותדיקע מעטאָדן צו פאַרפאָלגן די יידן און מיט אַ ספּעציעלער ראַפינירטקייט גע־רודפט און געדריקט די יידן די גאַנצע צייט פון גלות.

אָט־די שרעקלעכע ליידן, גייסטיקע און פיזישע, האָבן די יידן זאַרג־פעליק איינגעוויקלט אין זיסע האַרציקע פּיוטים און נגינה, און אין די בתי כנסיות און בתי מדרשים עס צוגעטראָגן צו זייער גאָט פון רחמים, ווי אַ צוגאָב צו די מזמורים, וואָס זיי האָבן אַמאָל געזונגען אין בית־המקדש, צוזאַמען מיט די טראַדיציאָנעלע נוסחאות התפלה.

און ניט נאָר האָבן די יידן אין גלות, אין זייער באַוועגלעכער טערי־טאָריע, געזונגען תפלות צו גאָט; זיי האָבן אויך געזונגען דעמאָלט, ווען זיי האָבן געלערנט תורה, תלמוד, הלכה און אגדה. אין די ישיבות און בתי־מדרשים האָט מען שטענדיק געהערט דעם זיסן, האַרציקן און בענקענדיקן גמרא־ניגון, וואָס האָט אָנגעפילט די ישיבות און בתי מדרשים מיט קדושה.

## יידישע לידער און יידישע פאָלקס־מוזיק אין גלות.

עס איז אַ פאַקט, אַז וואָס עלטער אַ פאָלק איז, אַלץ גרעסער איז דער אוצר פון זיין געשאַפענעם פאָלקלאָר. וואָס מערער קאַמפן און שווערע אי־בערלעבונגען אַ פאָלק האָט דורכגעמאַכט אין זיין געשיכטע, אַלץ רייכער און אינטערעסאַנטער איז זיין געשאַפענער פאָלקלאָר. אויב אַ פאָלק האָט דורכגעמאַכט אַ סך וואַנדערונגען, געליטן אַ סך רדיפות און נגישות, יסורים און פיין, אַלץ פאַרשידנאַרטיקער, פאַרבנרייכער און אינטערעסאַנטער איז זיין פאָלקלאָר.

און דערפאר איז קלאר, אז דאס יידישע פאלק, דאס פאלק פון וואנ־דערן און ליידן, האט געשאפן א קאלאסאלן אוצר פון ריין־יידישן פאלקלאר, וועלכער שפיגלט־אפ דעם גאנצן לעבנסשטייגער פון פאלק מיט אלע זיינע איבערגעלעבטע פריידן און ליידן.

אין צוזאמענהאנג מיט די היסטארישע, סאציאלע און פאליטישע אס־פעקטן פון יידישן לעבן אין גלות האט זיך געשאפן א שלל סאציאלע לי־דער, פאלקס־לידער, קינדער־לידער, יום־טוב־לידער, ארבעטער־לידער, סאַ־טירישע לידער מיט זייערע ניגונים און א שלל ניגונים אן ווערטער, אין וועלכע עס שפיגלען זיך אפ ניט נאר די ליידן פון יידישן פאלק, נאר אויך זיינע האפענונגען; ניט נאר די דערשלאגנקייט זיינע, נאר אויך זיין גייס־טיקער כח, זיין אמונה און זיין גייסטיקע שיינקייט און שטארקייט. צו די דערמאנטע לידער האט דאס פאלק אליין געשאפן מוזיק מיט א ספעציעלן יידישן ריטם און פארם פון זינגען. און כאטש עס מערקט זיך אין אייניקע מעלאדיעס א געוויסע השפעה פון דער ארומיקער פרעמדער סביבה, בלייבט דאך די מעלאדיע אריגינעל יידיש צוליב דער אייגנארטיקייט פון זינגען, דעם אייגנארטיקן יידישן ריטם און דער אייגנארטיקייט פון דעם אופן פון יידישן זינגען.

א באווייז אז דאס איז אזוי, קען אונדז דינען דער פאקט, אז ווען מען זאל פארזינגען די פרעמדע, פאריידישטע נגינה פאר די זעלביקע פעלקער, וואו זי איז געשאפן געווארן, למשל, פאר די רומענער, פאליאקן, אוקראי־נער, איטאליענער, פראנצויזן און אנדערע, וועלן זיי ענטפערן אז עס איז זיי פרעמד, ס׳איז ניט זייער גוסט, ניט זייער אופן פון זינגען. דער הויפט־פאקטאר, וואס האט פאפולער געמאכט א פאלקס־ליד, איז געווען די מעלא־דיע. איז די מעלאדיע געווען אנגענעם, זינגעוודיק און צוגענגלעך, איז דאס ליד אנגענומען געווארן און האט זיך פארשפרייט צווישן פאלק. און אויב די מעלאדיע האט זיך ניט אנגענומען, איז דאס ליד פארלארן געגאנגען. מהאי טעמה זיינען טאקע פארלארן געגאנגען א סך אינטערעסאנטע לידער.

## ווי אזוי ס׳איז געשאפן און פארשפרייט געווארן א פאלקס־ליד

אין דער נאענטער און ווייטער פארגאנגענהייט, ווען אין די שטעט אדער שטעטלעך איז נאך ניט געווען קיין טעגלעכע פרעסע, וועלכע זאל באקאנט מאכן צווישן די יידן די וויכטיקע פאסירונגען, וואס זיינען זיך פארלאפן אויף דער גרויסער וועלט, דאמאלט, אויב עס האט זיך ערגעץ געטראפן א וויכטיקע געשעעניש, א גליקלעכע אדער אן אומגליקלעכע פא־סירונג, האט עמיץ געשאפן וועגן דעם א ליד, וועלכעס איז איבערגעגאנגען פון מויל צו מויל, פון שטאט צו שטאט און אפילו איבער די גרענעצן פון לאנד פלעגט מען עס זינגען.

און אַזוי זיינען געשאַפן געוואָרן טויזנטער לידער, וועלכע דערציילן וועגן די פריידן און ליידן, וועגן דער פאַרצווייפלונג און בטחון פון פאָלק אַלס אַ גאַנצע עדה, און אויך פון יידישן לעבנס־שטייגער, פון די ליידן און פריידן פון יידישע אַרבעטער, פונעם שניידער, שוסטער, נייטאָרן, דינסט־מיידלעך און אויך פון גנבים, וואָס דאָס אַלעס איז אַ באַגלויבטע גבית־עדות צו געבן אונדז אַ קלאָרן באַגריף ווי דאָס פאָלק האָט געלעבט פריער, פאַר אונדזערע טעג.

און דאָס יידישע פאָלק האָט געזונגען זיינע פאָלקס־לידער, ווייל אין זיי שפּיגלט זיך אָפּ דער גאַנצער נאַציאָנאַלער און קולטורעלער כאַראַק־טער פון זיין עבר.

## די ספּעציפישע אייגנשאַפט פון יידישער פאָלקלאָר־מוזיק.

די ספּעציפישע אייגנשאַפט פון אונדזער פאָלקלאָר־מוזיק איז דאָס, וואָס זי איז אָן „אוניסאָן"־געזאַנג. ווען אַ גרופּע יידן זינגט אַ ניגון אָדער אַ גרופּע יוגנטלעכע זינגט אַ ליד, זינגען אַלע די מעלאָדיע אין איין שטי־מע, אָן באַגלייטונג. די קאָנסטרוקציע און דער ריטם פון דער נגינה איז אַזאַ, וואָס לאָזט זיך ניט לייכט האַרמאָניזירן צו זינגען אין פיר שטימען, אין קוואַרטעט, ווי די נגינה פון אַנדערע פעלקער, וועלכע זינגט זיך לייכט אין פיר שטימען, אַזוי, אַז אפילו ניט קיין געשולטע איטאַליענער, אוקראַי־נער, רוסן א. אַנד., ווען זיי פאַרברענגען אין אַ שענק, האַלב שיכורע, קאָ־נען זיי זינגען זייערע לידער כמעט פּערפעקט אין פיר שטימען.

די יידישע גלות־נגינה איז, ווייזט אויס, אַ סימבאָלישע אָפּשפּיגלונג פון דער יידישער מאָראַלישער סטרוקטור, דער אייגנאַרט פון יידישן פאָלק. חברים כל ישראל, כל ישראל אחים, — אַלע יידן זיינען חברים, ברידער; אַלע זיינען איינס, — גאָט, זיין פאָלק ישראל און זיין תורה זיינען איינס. (קודשא ברוך הוא, ישראל ואוריתא חד הוא). דערפאַר איז אונדזער מוזי־קאַלישער פאָלקלאָר פון גלות אַ סך רייכער און אינטערעסאַנטער ווי די פאָלקלאָר־מוזיק פון אַנדערע פעלקער.

די יידישע מוזיק איז אַ פאַרצווייגטע, אַ פילזייטיקע און אַ קאָליר־פולע. עס איז פאַראַן אין דער יידישער נגינה אַן אומגעהויער־גרויסער און אינטערעסאַנטער מאַטעריאַל פון נגונים אָן ווערטער, רעליגיעזע און וועלט־לעכע, וואָס פאַרמאָגן אַ שלל פון פאַרבן, ריטמען און ניואַנסן; ניגונים צום טאַנצן, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך אַ סך התלהבות און אַ ספּעציעלן ריטם, וואָס באַוועגט צו טאַנצן בציבור, קאַראַהאָד־מעסיק, אָדער איינשליסן זיך האַנט אויף אַקסל און טאַנצן מיט ברען אַ פריילעכס. אין יעדן דערמאָנטן צווייג איז דאָ אַ שלל, אַ שפע מאַטעריאַל פאַרן קומענדן מוזיקאַלישן גאון און אינסטרומענטלן ווירטואָז.

צו דעם קומען צו די לידער און ניגונים פון אונדזערע טראָוואַדאָרן, פון די פּראָפעסיאָנעלע אַמוזירער אויף יידישע שמחות, פונעם בדחן, גאַסן־זינגער אָדער אַרטיסט פון אַ טעאַטער און פון פאָלקס־זינגער, וועלכע זייַנען אַזוי קאָלירפול און רייך אין מעלאָס און ריטם. עס דאַרפן אויך אַרייַנגענומען ווערן אין חשבון זייער אַ סך אייגנאַרטיקע חסידישע ניגונים פון אַ סך פאַרשידענע רבייאישע דינאַסטיעס.

אָט דער גרויסער, רייכער און אַלזייטיקער מוזיקאַלישער פאַרמעגן שטעלט צוזאַמען אונדזער פאָלקלאָר און פאָלקס־מוזיק אין גלות.

קאַפּיטל ניינצן

# דאָס יידישע ליד און די יידישע נגינה אין דער יידישער דערציאונג. פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט

**דער מוזיקער גונאָ. דאָס ליד אונטער שרהלעס וויגעלע. די ווירקונג פון וויגליד אפן קינד. די נגונים אין חדר. ליי־דער אויסער דעם חדר. וואָס דאָס קינד לערנט פון די ליי־דער. וואָס דאָס קינד לערנט אין חדר זינגענדיק. די ווירקונג פון די שול־געזאַנגען אויף די קינדער און יוגנט. יידישע לידער און לעגענדעס ווי אַ דערציאונג־מיטל. די ווירקונג פון דער היימישער סביבה אין דער דערציאונג. די השפּעה פון מוזיק אויף דער יוגנט. די ווירקונג פון דער מאָדער־נער מוזיק אויף דער יוגנט. היינטיקע מאַמעס האָבן אויפ־געהערט צו זינגען וויג־לידער זייערע קינדער. עלטערן גיבן ניט אַכטונג אויף דער גייסטיקער שפּייז פון זייערע קינדער. עלטערן גיבן ניט אַכטונג צו דערציען אין גוטער יידישקייט זייערע קינדער. וואָס צו טאָן צו דערציען אין גוטער יידישקייט די יידישע יוגנט.**

---

דער גרויסער מוזיקער גונאָ האָט געזאָגט, אַז זיין פּאַטריאָטיזם אין זיינע ערשטע מוזיקאַלישע לעקציעס האָט ער באַקומען, ווען ער איז נאָך געווען אַ פּיצל קינד. ווייל ווען זיין מוטער האָט אים געגעבן צו זייגן פון איר ברוסט, האָט זי אים געזונגען פּאַטריאָטישע לידער, וועלכע האָבן זיך איינגעקריצט אין זיין זכרון און אים געהאָלפן שפּעטער, ווען ער איז אויס־געוואַקסן, זיך צו אַנטוויקלען ווי אַ גוטער בירגער און מוזיקער.

דעם אויבנגעבראַכטן פּאַל קאָן מען אָנווענדן לגבי יידישע קינדער.

אויך זיי האָבן, זייענדיק נאָך פּיצעלעך קינדער, אין זיך איינגעזאַפּט צוזאַ־מען מיט דער מאַמעס מילך זייער יידישקייט און די יידישע נגינה, וואָס האָט זיי געהאָלפן, ווען זיי זיינען אויסגעוואַקסן, זיין שטאָלצע יידן און צו קולטיווירן די יידישע נגינה.

ווער פון אונדז געדענקט ניט די זיסע האַרציקע לידער, וואָס אונדזערע מאַמעס האָבן אונדז געזונגען, ווען זיי פלעגן אונדז פּאַרוויגן צום שלאָפן? דאָס ליד: „אונטער שרהלס וויגעלע שטייט אַ ווייסע ציגעלע, ס'ציגעלע ז'גע־פאָרן האַנדלען, ראָזינקעס מיט מאַנדלען. שרהלעס חתן וועט לערנען תורה, תורה איז די בעסטע סחורה" האָט זיכער געווירקט* גרויסערהייט צו זוכן פאַר אַ חתן נאָר אַזעלכן, וואָס לערנט תורה.

האָבן אַלע יידישע מאַמעס געזונגען פאַר זייערע קינדער אַזעלכע וויג־לידער. די קינדער האָבן אין זיך איינגעזאַפּט דער מאַמעס ליד, און אַזוי אַרום, ליגנדיק אין וויגעלע, אומבאַוואוסטערהייט זיך אויסגעלערנט דרך־ארץ, גוטע מידות, און צו האָבן חשק צו לערנען, ווייל תורה איז די בעסטע סחורה.

אַזעלכע און ענלעכע וויגלידער האָבן אָנגעצייכנט דעם לעבנס־וועג פון דעם צוקונפטיקן ייד. ווייל דורך די וויג־לידער האָבן עלטערן געטאָקט און געאיידלט דעם קינדס נשמה און ווען זיי האָבן מיט די זיסע, האַרציקע טענער פאַרשלעפערט דאָס קינד, פלעגט עס איינשלאָפן און חלומען זיסע און גוטע חלומות וועגן אַ ווייס ציגעלע, וועגן ראָזינקעס מיט מאַנדלען, וועגן לערנען תורה, א. א. וו.

ווען דאָס קינד איז אַרויס פון די וויקעלעך, האָט די יידישע מאַמע זיך געשפּילט מיט אים און דערביי פלעגט זי זינגען: „פּאַטשע, פּאַטשע, קי־כעלעך, טאַטע וועט קויפן שיכעלעך, שיכעלעך וועט ער קויפן, אין חדר וועט עס לויפן. לויפן וועט עס אין חדר, לערנען וועט עס כסדר. לויפן אָן מורא צו לערנען גאָטס תורה". און דאָס קינד איז טאַקע אָן מורא געלאָפן אין חדר לערנען תורה.

## די נגונים אין חדר.

און ווען דאָס קינד איז אָנגעקומען אין חדר, האָט עס גענומען לער־נען אין סדור מיט חשק און מיט אַ נגון דעם אלף־בית, די נקודות און אויך דאַוונען און חומש מיט רש"י האָט עס געלערנט מיט אַ נגון, מעביר זיין די סדרה, זאָגן די הפטורה און פּרק — אוודאי מיט אַ נגון; גמרא למת־חילים, משנה און נביאים — ווידער מיט אַ נגון; אקדמות, רות און שיר השירים מיט אַ ליריש נגון; מגילת אסתר, קהלת, די הגדה של פּסח מיט זייערע געהעריקע נגונים; איכה און קינות מיט האַרציק־טרויעריקע נגונים. און וואָס דאָס קינד האָט געלערנט, האָט עס געלערנט זינגענדיק.

## נגונים אויסער'ן חדר.

אויסער דעם חדר האָט מען געזונגען לידער פון דער יידישער רייכער פאַרגאַנגענהייט, כדי צו וועקן די ליבע פונעם קינד צו זיין פאָלק און לאַנד:

„אַ מעשהלע וויל איך דיר, מיין קינד, דערציילן, אַ מעשה וואונדער־לעך־שיין;
וואָס עלטער דו וועסט ווערן, וואָס מער דו וועסט קלערן, אַלץ בעסער וועסטו עס פאַרשטיין.
מיר האָבן אַמאָל אַ בית־המקדש געהאַט, אַ הערלעכן הייליקן טעמפּל,
איז צווישן די כלים אַנטיקלעך דאָרט געווען, אַן אַנטיקל אַ לעמפּל,
און דורות־לאַנג האָט דאָס לעמפּל געלייכט, און ס'זיינען די זעלביקע שטראַלן,
וואָס האָבן אַמאָל אויף די זיידעס געשיינט, נאָך מער אויף די איי־ניקלעך געפאַלן"...

קינדער האָבן ליב מעשהלעך און לידעלעך, וואָס ווירקן אויף זייער פאַנטאַזיע און וואָס ברענגען אַריין אינהאַלט אין זייער קינדערשער וועלט. כאַפּן זיי דאָס אויף און באַהאַלטן עס אין זייער זכרון. שפּעטער העלפט עס זיי אין זייער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס און ווירקט אויך גרויסערהייט אויף זיי.

אין חדר האָט מען מיט די קינדער געלערנט דעם חומש „בראשית" מיט די שיינע מעשהלעך, וואָס האָט גערופן זייער אויפמערקזאַמקייט און אַנטוויקלט זייער פאַנטאַזיע. דאָס לערנען איז אָנגעגאַנגען זינגענדיק; מען האָט געלערנט מיט זיי ווי אויסצוזינגען דעם טראָפּ, די אַלטע יידישע מו־זיקאַלישע פיגורן: פשטא, מנח זרקא, מנח סגול א. א. וו. ווען זיי האָבן שוין געזונגען דעם טראָפּ, האָט מען זיי געלערנט פאַראייניקן די ווערטער פון חומש מיט דעם טראָפּ און אַלע פּרייטיק פלעגט זיך טראָגן פון די חדרים דאָס זיסע זינגען פון מעביר זיין די סדרה און זינגען די הפטורה.

אין חדר לערנט מען דאָס יידישע קינד צו זיין אָרנטלעך און פרום; מען לערנט מיט אים זינגענדיק דאָס ספר נביאים ראשונים, וואו עס ווערט דערציילט וועגן די יידן, ווי זיי האָבן זיך באַזעצט אויף זייער לאַנד, ווי זיי האָבן דאָרט געלעבט און באַאַרבעט זייערע גערטנער און פעלדער. און זיי זיינען דאָרט געוואויר געוואָרן, אַז ווען די יידן זיינען אַראָפּ פונעם דרך־הישר, פון גלייכן וועג, זיינען זיי באַפאַלן געוואָרן פון זייערע שכנישע פעלקער, וועלכע האָבן זיי געדריקט און באַרויבט. און ווען זיי האָבן חרטה געהאַט אויף זייערע מעשים און האָבן צוריקגעקערט צו זייער גאָט, האָט ער זיי צוגעשיקט די הילף דורך איינעם פון צווישן זיי גופא, וועלכער האָט זיי באַפרייט פון די שלעכטע שכנישע פעלקער.

דאָס קינד האָט געוואוסט, אַז קיינער פון די אַלע, וואָס האָבן באַ־

פרייט די יידן פון זייערע שונאים, זיינען ביים יידישן פאָלק ניט פאַרהיי־ליקט און ניט פאַרהערלעכט געוואָרן. עס איז געווען ביי די יידן אַ נאַטיר־לעכע דערשיינונג, אַז איינער פון זיי זאָל זיך אַרויסשטעלן זיי צו באַ־שיצן.

דאָס יידישע קינד לערנט און ווייסט, אַז ביי יידן ווערן מלחמה־העלדן און מלחמה־פירער ניט פאַרהייליקט און ניט פאַרהערלעכט; ער ווייסט פון די דערציילונגען, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט קיינמאָל ניט אָנגעגריפן זיינע שכנישע פעלקער, דאָס דאָזיקע פאָלק האָט זיך נאָר פאַרטיידיקט, ווען מען האָט עס אָנגעגריפן.

זינגט דאָס קינד אויס די תורה און ווייסט אַלע דינים, וואָס עס דאַרף וויסן זיך צו קאָנען אויסצולעבן אַלס ייד; עס ווייסט אויך די היסטאָריע פון יציאת מצרים, פון מתן־תורה, ביז די יידן האָבן זיך באַזעצט אין זייער צוגעזאָגט לאַנד, עס ווייסט אַלע עטאַפּן פונעם יידישן לעבן, ווען אָט־דאָס פאָלק האָט געלעבט אין זיין אייגענעם לאַנד. עס ווייסט וועגן דער תקופה פון די שופטים, מלכים, פון ערשטן בית־המקדש, פונעם גלות־בבל, וועגן צווייטן בית־המקדש און דעם לעצטן גלות. עס לערנט זינגענדיק זיך באַ־קאָנען מיט די דערהויבענע אידעען פון די נביאים, וואָס באַקומט דעם העכסטן אויסדרוק אין דער שטרעבונג צו באחרית הימים...

די גאַנצע צייט, וואָס דאָס יידישע קינד לערנט אין חדר, לערנט עס אַלעס זינגענדיק, ווייל היות די מעלאָדיע צעמענטירט די ווערטער אין זכרון, געדענקט מען זיי בעסער.

אין שול און אין בית־המדרש הערט דאָס קינד יידישע נגינה, די וואונדערלעכע זיסע נוסחאות התפלה און די פאַרשידענע גוסטן, איבער־הויפּט די הערלעכע האַרציקע נגונים פון ימים נוראים, און זאַפּט אין זיך אַריין יידישקייט צוזאַמען מיט דער לופט, וואָס עס אָטעמט; עס לויפט חוץ דעם אין די שולן צו הערן אַ חזן מיט משוררים און אַן משוררים, זינגט נאָך דאָס, וואָס עס האָט געהערט, און אַז עס ווערט עלטער און די נאַטור האָט אים באַשאָנקען מיט אַ שיינעם קול־נגינה, כאַפּט מען זיך צו צום ברעטל, צום עמוד, און מען ווערט אַליין אַ חזן אָדער אַ בעל־תפלה.

דער יידישער פאָלקס־מענטש האָב ליב חזנות, ווייל דאָס חזנות פאַר־שאַפט אים אויסער גייסטיקן געננוס, אויך מנוחת הנפש, — גייסטיקע רו־איקייט, גלעט און צערטלט די יידישע צעוויייטיקטע נשמה, באַרואיקט זיין געמיט־צושטאַנד און דערהויבט אים צו העכערע און שענערע וועלטן.

פילן אָן די יידן די שולן און בתי־מדרשים, ווען אַ חזן דאַוונט, שטייען זיי אין ענגשאַפט שעה׳ן־לאַנג, אויסצוהערן און צו געניסן פון דעם חזנס אינטערפּרעטירן און זינגען די תפלות.

אויסער דער ריינער און זיסער יידישער נגינה פון שול, וואָס ווירקט אַזוי דערציערריש אויף דעם יידישן קינד, ווייל די נגינה איז דאָך צוזאַמענ־

געשמאַלצן, צוזאַמענגעמישט מיט די ווערטער, מיט דעם ווערטפּולן אינ־האַלט פון די פּיוטים און תפלות, האָבן זיך במשך דער גלות־תקופה אויך געשאַפן לידער און לעגענדעס פון אונדזער רייכער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע האָבן באַצויבערט די פאַנטאַזיע פונעם יידישן קינד מיט זייער אינהאַלט און נגינה און האָבן אין אים דערוועקט און איינגעפלאַנצט אַ גלויבן אין אַ העלערן מאָרגן פאַר זיין פאָלק, וואָס דאָס האָט אים געגעבן שטאַרקייט און מוט צו טראָגן און אויסצוהאַלטן דעם ביטערן יאָך אין גלות.

## די ווירקונג פון דער יידישער סביבה אין יידישן חינוך.

אין שטוב האָט דאָס קינד געלעבט אין אַן אַטמאָספער פון קדושה; פונעם מאָמענט פון אָפּגיסן נעגל־וואַסער ביים אויפשטיין פון שלאָף אינ־דערפרי, ביזן לייענען קריאת־שמע פאַרן גיין שלאָפן, האָט עס געלעבט און געאָטעמט מיט קדושה. קיין שום זאַך האָט דאָס יידישע קינד ניט געטאָן גלאַט אַזוי זיך; קודם־כל האָט עס געדאַוונט, פאַרן עסן זיך געדאַרפט וואַשן די הענט און מאַכן אַ ברכה; נאָכן עסן געבענטשט; געגאַנגען אין חדר אָדער אין בית־המדרש און דאָרט געלערנט; פאַרנאַכט — געדאַוונט מנחה און אין אָוונט — מעריב. יעדן טאָג, אין שטוב האָט מען מדקדק געווען אויף יידישקייט. דאָס אָפּהיטן כשרות, פונאַנדערטיילן צווישן מילכיקס פון פליי־שיקס; דאָס זאַלצן און ווייקן דאָס פלייש איידער מען שטעלט עס צום קאָכן; דאָס אָפּהיטן אַלץ, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט, דאָס צוגרייטן זיך צו שבת, דער יידישער ערב שבת, דאָס צוגרייטן די שבתדיקע מאכלים, דאָס אָנטאָן זיך שבתדיק, דאָס גיין אין שול מקבל שבת צו זיין, דאָס בענטשן די ליכט און די שבתדיקע ליכט גופא, די שבתדיקייט פון שטוב, די שבת־דיקע סעודות און דאָס געזאַנג פון די זמירות לשבת, — דאָס אַלעס האָט איבערגעלאָזט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק.

אין די שלש רגלים, פסח, שבועות און סוכות האָט זיך דאָס יידישע קינד ממש געבאָדן אין וואוילטאָג און קדושה; אין די ימים טובים האָט מען געזאָרגט, אַז דאָס קינד זאָל געניסן פון פרייד אויף וויפל דאָס איז נאָר מעגלעך.

פסח איז געווען באַשיינט מיט די ספּעציעלע קינדער־מעשיות פון דער אגדה, מיטן פייערלעכן סדר, מיטן קינדס פרעגן די פיר קשיות, מיטן אַרויסגנבענען דעם אפיקומן, מיטן אויסלייזן מצד דעם פאָטער דעם גע־גנבעטן אפיקומן. דאָס שפּילן אין ניס. און צו דעם אַלעם איז עס נאָך געווען פריי פון חדר גאַנצע אַכט טעג.

שבועות האָט געהאַט דעם חן און רייץ פונעם אַריינברענגען גרינס אין שטוב; ס'האָט אויך געלאָקט דאָס זיין וואַך אַ גאַנצע נאַכט ביי תיקון

ליל שבועות, דאָס עסן די מילכיקע סעודה, די באַוואוסטע „ווערטיטעס״, דאָס פריי זיין פון חדר אין אַזעלכע שיינע טעג...

אויך די ימים נוראים, ראש השנה און יום הכפורים, וואָס האָבן אָנגעפילט דאָס גאַנצע שטעטל מיט קדושה און מורא פאַרן יום הדין, האָבן געהאַט זייער פאַרלאָקנדיקע שיינקייט פאַרן קינדס פאַנטאַזיע, די ספּעציעלע חלה־געבעקס פון ראש־השנה און דער לייטער פאַר ערב יום כפור, דאָס כפרות־שלאָגן מיט געלט און נאָכהער צעטיילן עס פאַר צדקה.

און איצט, וואו איז דאָס גיין אין שול אין די נייע יום טובדיקע מלבושים? און די האַרציקע נגינות און נוסחאות פון ימים־נוראים? און דאָס שופר־בלאָזן, דאָס גיין צו תשליך, א. א. וו.

חנוכה, — די יום־טובדיקע לאַטקעס, בענטשן חנוכה־ליכט, באַקומען חנוכה־געלט, שפּילן אין דריידל און זיין פריי האַלבע טעג פון חדר!

פורים, — לייענען די מגילה, צעטראָגן שלח־מנות, עסן המן־טאַשן, נאָכלויפן די פורים־שפּילער און טאַקע אויך זיין פריי פון חדר...

אפילו אין די תעניתים האָט אויך דאָס יידישע קינד געפונען זיין פאַרוויילונג און האָט דאָס אַלעס איינגעזאַפּט צוזאַמען מיט אַנדערע שיינע מנהגים און טראַדיציעס פון יידישן לעבן.

## די השפּעה פון מוזיק אויף דער מיטעלער יוגנט אין איר דערציאונג

מוזיק האָט אויך אַ געוואַלדיקע השפּעה אויף דער יוגנט, פּונקט אַזוי צום גוטן ווי צום שלעכטן. איבערהויפּט קאָן עס ווירקן צום שלעכטן אויף יענע יוגנטלעכע, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין היימיש־צערטלעכע קינדהייט, אָדער וואָס זייער קינדהייט איז געווען אויסגעלייזדיקט פון אינהאַלט, ווייל די מאַמעס זייערע האָבן זיך מיט זיי ניט אָפּגעגעבן און זיי נישט געשאָנקען די ליבע און צערטלעכקייט, אויף וואָס קינדער האָבן אַ רעכט און וואָס זיי דאַרפן אַזוי נויטיק האָבן. כאָפּן אַזעלכע יוגנטלעכע אויף דווקא יענע שעדלעכע מוזיק, וואָס פירט זיי אַראָפּ פון דרך הישר, ווייל זיי זיינען ניט באַווירקט, ניט באַאיינפלוסט פון יענער זיסער, האַרציקער מוזיק, וואָס זייערע מאַמעס וואָלטן זיי געוווען באַדאַרפט זינגען ביים לייגן שלאָפן אין ביים שפּילן זיך, כדי צו זיין באַשיצט און באַשירעמט פון דער שעדלעכער מוזיק.

## די ווירקונג פון דער מאָדערנער מוזיק אויף דער יוגנט.

מוזיק קאָן ביים היינטיקן טאָג זיין אַ שטאַרק־שעדלעכער עלעמענט פאַר דערציאונג, פּונקט ווי זי קאָן אויך זיין אַ זייער נוצלעכער עלעמענט ביי דער זעלביקער דערציאונג פון אונדזער יוגנט. באַזונדערס איז דאָס חל

אויף די היינטיקע צייטן, ווען מען הערט אין שטוב אַזוי פיל מוזיק דורך די ראַדיאָס, פּיאַנאָס, פידלען און די טעאַטערס, קאַפע־הייזער, באַרס, אויף שמחות, באַנקעטן און סתם פאַרווייַלונגען.

איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אויפן פּרט, כּדי צו זען, מיט וואָס פאַרא מוזיק מען שפּייזט אָדער עס שפּייזט זיך אונדזער יוגנט.

ווען מען קוקט זיך צו, ווי די יוגנטלעכע פאַרברענגען אונטער די קלאַנ־גען פון דער מוזיק; ווען מ'באַאָבאַכט זייערע וואולגאַרע באַוועגונגען ביים טאַנצן, זייער ניט אָרנטלעכער אויפפיר און האַלטן זיך, זייער שוין צו פרייע האַלטונג, פאַלט אָן אַ פחד, ווען מ'פאַרטראַכט זיך וועגן דעם, וואָס פאַרא דור ס'וועט פון זיי אויסוואַקסן: קומט מען צו דער מסקנא, אַז אַזאַ יוגנט איז לא לתורה און אויך ניט צו דרך־ארץ.

## ווען עס פעלן דער מאַמעס קינדער־לידער.

מאַמעס האָבן בדרך כּלל אויפגעהערט צו פאַרוויגן זייערע קינדער מיט לידער. דאָס איז גאָר אַ וויכטיקער ענין, אויף וועלכן עס איז כדאי זיך אָפּצו־שטעלן, ווייל דאָס ניט זינגען קיין לידער ביים פאַרוויגן דאָס קינד, נעמט צו ביים קליינעם קינד זיינע זיסע, שיינע און גליקלעכע חלומות. דער פּועל יוצא דערפון איז, אַז ווען אַזאַ קינד ווערט עלטער, איז עס פּוסט און ליי־דיק; עס האָט גאָרניט מיטגענומען פון זיין קינדהייט, ווייל זיין מאַמע האָט אים מיט גאָרניט צוגעגרייט. און ניט קאָנענדיק אונטערשיידן צווישן גוטס און שלעכטס, כאַפּט עס זיך שטענדיק אָן ביים צווייטן.

## עלטערן זאָרגן נישט פאַר די גייסטיקע שפּייז פון דער יוגנט

עלטערן זאָרגן פאַר זייערע קינדער, זיי באַמיען זיך, אַז זיי זאָלן האָבן פרישע נאַרהאַפטע שפּייז, זאָלן גיין אין די שולן לערנען, זיי זאָלן אויך קאָנען שפּילן אויף פּיאַנאָ אָדער פידל, אָבער ווייניק עלטערן לערנען זייערע קינדער וואָס פאַר אַ מוזיק צו קולטיווירן. קיינעם פון די זעלבע עלטערן פאַלט גאָר ניט איין די מחשבה, אַז זיי זיינען מחויב צו פאַרהיטן די יונגע מוחות און נשמות פון זייערע קינדער, און ניט לאָזן פאַרדאַרבן זייער געשמאַק מיט שעדלעכע ביכלעך, זשורנאַלן, קינאָמאַטאָגראַפישע בילדער און מיט וואולגאַרער שעדלעכער מוזיק, וואָס פאַרקריפּלט זייערע איידעלע געפילן, זייער עטיק און מאָראַל.

היינטיקע עלטערן טוען בדרך כּלל גאָרניט, צו קאָנטראָלירן זייערע קינדער, זיי אָנצואווייזן וועלכע קינאָ־בילדער זיי זאָלן יאָ זען און וועלכע נישט; וועלכע ביכער און זשורנאַלן זיי זאָלן יאָ און וועלכע נישט לייענען; וועלכע לידער זיי זאָלן זינגען און וועלכע מוזיק זיי זאָלן הערן. זיי גיבן זיך, צום באַדויערן, ניט אָפּ קיין חשבון, אַז אַזאַ נאַכלעסיקער אויפפיר

ברענגט גרויסן שאָדן סיי זייערע קינדער און סיי זיי גופא. ווייל פונקט ווי פרישע און גוטע שפּייז ברענגט מיט זיך אַ גוטע פיזישע אַנטוויקלונג, אַזוי איז עס אויך מיט דער גייסטיקער שפּייז, וואָס זייערע קינדער פאַר־דייען. אויב די גייסטיקע שפּייז, מיט וועלכער די קינדער נערן זייערע מוחות, איז אַ פרישע, אַ גוטע, וועלן אויסוואַקסן פון זיי גוטע נוצלעכע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, און אויב נישט...

ווען די עלטערן זאָלן זיך וועגן דעם פאַרטראַכטן, וואָלט מען ניט גע־דאַרפט האָבן קיין טענות צו דער היינטיקער יוגנט. אַ יוגנטלעכער איז אַ יונג ביימעלע און ווי מען היט עס אָפּ, אַזוי וואַקסט עס אויס און אַזאַ פרוכט גיט עס...

## וואָס מען דאַרף טאָן, אַז די יוגנט זאָלן זיין יידיש.

כדי צו ראַטעווען די יידישע יוגנט, צו געבן איר אַן אָנהאַלט און אַן אינהאַלט אין לעבן, איז נייטיק צו שאַפן פאַרן יידישן קינד און פאַר דער יוגנט די געהעריקע יידישע סביבה.

מען מוז פאַרזאָרגן אונדזער יוגנט מיט דעם, וואָס מען האָט איר ניט געגעבן אין איר קינדהייט; מען מוז זי צוגעוואוינען און באַקאַנט מאַכן מיט יידישער קדושה, מיט יידישער טראַדיציע, מיט דער יידישער שפּראַך, מיטן יידישן ליד, מיט די יידישע ימים טובים. מען מוז זי מאַכן היימיש מיטן הערלעכן יום־טוב פּסח, מיט זיין גאַנצן פּראַכט און גלאַנץ, ווי אונ־דזערע עלטערן האָבן אים געפייערט, מיט דער גאַנצער ראָמאַנטישקייט פון דורות; מען מוז פאַר איר אַנטפּלעקן דעם שבועות, מיט די גרינגסן און מיל־כיקע סעודות; די ימים־נוראים מיט דער גאַנצער ערנסטקייט זייערער; סוכות, צוזאַמען מיט דער סוכה און אתרוג; מיט חנוכה, מיט פּורים און אפילו מיט די תעניתים, וועגן כשרות, מילכיקס און פליישיקס, טהרת המשפּחה, לימוד התורה, יידישע עטיק, מאָראַל א. א. וו., ווייל דאָס איז אונדזערס, — אונדזער היסטאָריע, אונדזער אייגנאַרטיקער לעבנסשטייגער, אונדזער טראַדיציע אונדזער נגינה, אונדזער ליד. נאָר אַזוי אַרום וועט אַ יוגנטלעכער אויסוואַקסן צו זיין אַ שטאָלצער און גוט־דערצויגענער היי־סער ייד.

קאפיטל צוואנציק

# חזן

**דער אַמט פון חזן אַמאָל, די אָפּשטאַמונג פון דעם נאָמען חזן, די וויכטיקייט פון חזן. ערשטער חזן פורס על שמע, און דער צווייטער דער בעל מוסף. אַ חזן דאַרף האָבן אַ שיינע שטימע. העלפער צום חזן. דער ראַ"ש וועגן חזנים. די געמאַכטע באַקוועמלעכקייטן פאַר די חזנים אין די סדורים און מחזורים.**

## דער אַמט פון חזן.

חזן האָט מען גערופן יענע פּערזאָנען, וואָס האָבן אַכטונג געגעבן אין די בתי כנסיות און בתי מדרשים, אַז אַלעס זאָל זיין אין אָרדענונג, פּונקט ווי דאָס טוען היינט די שמשים. („חזן בית־הכנסת, שמש בית־הכנסת", יומא פ"ז). חזן בית־הכנסת איז אייגנטלעך דער שמש פון בית הכנסת.

אַמאָל, אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, האָט מען גערופן דעם, וואָס לערנט מיט קליינע קינדער, חזן. „החזן רואה היכן התינוקות קורין" (שבת, פ"א), — דער חזן גיט אַכטונג ווי די קליינע קינדער לייענען. אין פאַר־שידענע עפּאָכעס האָט מען גערופן חזן יענעם, וואָס האָט געלייענט אין דער תורה אין בית־הכנסת, ווי היינט דער בעל־קורא.

אין סדור פון רב עמרם גאון (געשטאָרבן 875) זאָגט ער דאָרט, אַז ווען יידן גייען אריין אין בית־הכנסת אָדער אין שול צו דאַוונען, שטייט דאָרט דער חזן און פאַנגט אָן צו זאָגן „ברוך שאמר". הייסט־דאָס, בכן, אַז אין יענער צייט האָט מען שוין גערופן חזן דעם, וואָס האָט געדאַוונט פאַרן עמוד.

אין סדור פון רב סעדיה גאון (892) רופט ער חזן דעם יעניקן וואָס זינגט פּיוטים פאַרן עולם.

## די אָפּשטאַמונג פֿונעם נאָמען חזן.

דער מקור, פֿון וואַנען עס שטאַמט דער נאָמען חזן, איז ניט באַקאַנט; עס איז אויך ניט זיכער, צו דער נאָמען „חזן" איז פֿון העברעאישן אָפּשטאַם, אָדער עס איז גענומען געוואָרן פֿון אַן אַנדער שפּראַך. מחמת עס זיינען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע מיינונגען וועגן אָט־דעם ענין.

די, וואָס זיינען מיט דער מיינונג, אַז חזן איז אַ העברעאיש וואָרט, זאָגן, אַז עס קומט אַרויס פֿונעם וואָרט „חוזה", — אַן אויפֿזעער, אַ משגיח אויף געוויסע אָנגעלעגנהייטן פֿון דער קהלה, אַ קהל־באַאַמטער.

אַנדערע פֿאָרשער זיינען מיט דער מיינונג, אַז חזן קומט פֿון שורש „חרוז־חרזן", אַ גראַמען־מאַכער, אַ רעליגיעזער פּאָעט, אַ פּייטן.

נאָך אַנדערע זיינען מיט דער מיינונג, אַז דעם נאָמען „חזן" האָבן די יידן גענומען פֿון דער פֿרעמד, פֿון דער איראַקער, בבלער אָדער פּערסישער שפּראַך. אָבער אַלע זיינען מושווה צווישן זיך אַז „חזן" מיינט די פּערזאָן, וואָס דאַוונט אין שול פֿאַרן עמוד. דערפֿאַר זאָגט מען אויף חזן „עובר לפני התיבה", אָדער „יורד לפני התיבה". תיבה מיינט מען דעם ארון־הקודש, וואו מען שטעלט אַריין די ספרי־תורות. און מיט תיבה מיינט מען אויך דעם עמוד וואָס עס איז באַשטימט פֿאַרן חזן צו שטיין אין דער צייט פֿון דאַוונען.

אין דער צייט פֿון די חכמי התלמוד האָט מען געלייגט אַ סך געוויכט אויף דער שיינער נגינה אין בית־הכנסת. מען האָט עס געדרשנט פֿון פּסוק (משלי ג'): „כבוד את א"ד מהונך", — זאָלסט ערלעך האַלטן גאָט מער ווי דיין פֿאַרמעגן. האָבן זיי געזאָגט: „אל תקרא מהונך, אלא מגרונך", — זאָלסט ניט לייענען מהונך, פֿון דיין פֿאַרמעגן, נאָר מגרונך, פֿון דיין האַלדז, מיטן שיינעם זינגען. און מ'פֿלעגט נאָכזוכן אַ חזן, וואָס זאָל האָבן אַ שיינע שטימע.

אַזוי אַרום איז אין די צייטן פֿון די חכמי התלמוד געבראָכן געוואָרן אַן אַלטע טראַדיציע, אַז חזנים זאָלן זיין נאָר די אָפּשטאַמיקע פֿון כוהנים און לוים, ווייל מען האָט געגלויבט, אַז זיי האַלטן אָן די ריכטיקע טראַדיציאָנעלע נגינה, וואָס זייערע עלטער־זיידעס האָבן געזונגען אין בית־המקדש, ניט רעכענענדיק זיך, צי זיי האָבן גוטע שטימען אָדער ניט. ווייזט אויס, אַז די צייט האָט זיי אַריבערגעיאָגט, זיי האָבן שוין ניט געקאָנט באַפֿרידיקן דעם עולם דאַוונער, צוליב דעם, וואָס אַ סך פֿון זיי האָבן נישט געהאַט קיין שיינע שטימען און האָבן זיך אויך ניט צוגעפּאַסט צו דער נייער צייט. האָבן דעריבער די חכמי התלמוד רעקאָמענדירט צוצונעמען אַזאַ חזן, וואָס זאָל יאָ האָבן אַ גוטע און שיינע שטימע, ער זאָל זיין אַ פֿאַכמאַן. ווייל זיי האָבן געוואוסט די געוואַלדיקע ווירקונג פֿון גוטער מו־

זיך אויף דעם מענטשלעכן גייסט און זיי האָבן עס אויסגענוצט פאַר רעליגיעזע צוועקן.

דער דערמאָנטער דרש, אַז מען זאָל לויבן גאָט מיטן האַלדז איז ניט געווען צוליב גאָט, נאָר בכדי צוצוציען און צוצובינדן מער יידן צו דעם בית־הכנסת, ווייל דאָס שיינע זינגען פון חזן מיט אַ כאָר אָדער פון אַ גוטן חזן אַליין האָט צוגעצויגן מער עולם אין די שולן, ווי די שענסטע דרשות און מוסר־רייד פון די דרשנים אָדער מגידים.

צוליב דער וויכטיקייט, וואָס די חכמי התלמוד האָבן צוגעטיילט צו די חזנים, האָט מען איינגעפירט אין די בתי־כנסיות צוצוטיילן דאָס דאַווענען פאַר צוויי חזנים, כדי זיי זאָלן זיך ניט שטאַרק פאַרמאַטערן. איין חזן איז געווען דער, וואָס האָט „פורס על שמע" געווען, געדאַוונט שחרית ביז תפלת שמונה עשרה, און דער צווייטער האָט געזונגען פון שמונה עשרה ביזן סוף דאַוונען, דאָס איז געווען אין די וואָכעדיקע טעג. שבת, ימים טובים און ימים נוראים, האָט דער ערשטער חזן געדאַוונט שחרית און דער צווייטער — מוסף. אָט דער מנהג האַלט אָן ביז אונדזער צייט. מען האָט בלויז געביטן די באַצייכענונג. דער, וואָס דאַוונט שחרית, ווערט אָנגערופן צווייטער חזן, און דער, וואָס דאַוונט מוסף, הייסט ערש־טער חזן.

צווישן די מעלות, וואָס מען האָט געזוכט ביים חזן, רעכנט אויס רבי יהודה פאָלגנדע: ער זאָל האָבן אַ שיינע מאָראַלישע קעגנוואַרט און פאַרגאַנגענהייט: „פרקי נאה", — אַ שיינע אַנגענעמע שטימע; „קול נעים" — זאָל זיין בקי אין תורה, נביאים און כתובים און אויך קאָנען אַלע ברכות און תפלות מיט זייערע נוסחאות. כדי זיינע תפלות זאָלן זיכער אָנגענומען ווערן, איז ווינשנסווערט, אַז ער זאָל צו אַלע זיינע מעלות אויך זיין אַ מטופל מיט קינדער און אַ קבצן (תענית ט"ז).

חוץ די דערמאָנטע מעלות מוז זיך דער חזן אויפפירן אָנשטענדיק און ערלעך אין אַלע זיינע האַנדלונגען: זיינע שמועסן, זיין מסחר, זיין באַנעמען זיך צו מענטשן, זיין קליידונג און אַלגעמיינע האַלטונג מוזן האַרמאָנירן מיט דעם הויכן אַמט, וואָס ער פאַרנעמט. און זיין אַמט איז דאָך צו זיין אַ שליח־ציבור, דער געשיקטער פון קהל, צו בעטן ביי גאָט פאַר דער גאַנצער עדה.

## משוררים, — העלפער צום חזן.

אַזוי ווי ניט אַלעמאָל האָט מען געקאָנט באַקומען אַ חזן, וואָס זאָל האָבן די אויבן־אויסגערעכנטע מעלות, האָט מען צוגענומען אַ חזן, וואָס האָט געהאַט אַ שיינע און אַנגענעמע שטימע, און צו דערגענצן דאָס, וואָס ס'האָט אים געפעלט, האָבן די חכמים פון דאָן מתקן געווען, אַז מען

זאָל צו אַזאַ חזן צושטעלן צוויי העלפּער, וועלכע זאָלן אים אונטערהעלפן ביים זינגען די פּיוטים און תפלות. אויך אין די פאַלן, ווען דער חזן האָט ניט געוואוסט, וואָס מען דאַרף זאָגן, אָדער ער האָט ניט געוואוסט די נוסחאות פון אייניקע תפלות, האָבן זיי אים געדאַרפט לערנען און אָנ־ווייזן.

דער מנהג צוצושטעלן צום חזן „העלפּער" (משוררים) אין די טעג פון ראש־השנה און יום הכפורים, עקזיסטירט נאָך אויך אין אונדזערע צייטן. דער חילוק ליגט בלויז אין דעם, וואָס פון די אַמאָליקע העלפּער איז היינט געוואָרן גרויסע כאָרן, וואָס פילן אָן די בתי־כנסיות און גרויסע טעמפּלען מיט הערלעכער נגינה און צוזאַמען מיטן חזן פאַרוואַנדלען זיי זייערע שולן אין טעמפּלען מיט הויכער מוזיקאַלישער קונסט, וואָס דער־הויבט און באַגייסטערט דעם עולם מתפללים.

אין ספרד (שפּאַניע) זיינען געווען קהלות, וואָס האָבן זיך ניט גע־קימערט מכוח די מעלות און אויפפירונג פון זייערע חזנים. אויב נאָר זיי האָבן געהאַט גוטע און שיינע שטמען, האָבן זיי זיי אויפגענומען ווי חזנים, האָבן זיי אפילו געמעגט זיין גרויסע עמי־הארצים, אומפאַראַנט־וואָרטלעכע, מאָראַליש־געזונקענע פּערזאָנען, וואָס האָבן זייער ווינציק כבוד פאַרשאַפט זייער אַמט און זייער קהילה...

באַקלאָגט זיך דער רא"ש (רב אשר בן יחיאל, געלעבט אינעם 13־טן יאָרהונדערט), אַז מען איז זיך נוהג אין אייניקע קהלות פון ספרד, אויפ־צונעמען אַ חזן, אַ שליח־צבור, אַ פּראָסטן מענטשן, אַן עם־הארץ, מיט אַ שלעכטער פאַרגאַנגענהייט און אַ נאָך ערגערער קעגנוואַרט.

„איך בין געערגערט, וואָס מען נעמט צו חזנים נידעריק־געזונקענע מענטשן, בלויז כדי צו הערן זייער שיין קול, ניט קוקנדיק אפילו אויף דעם, וואָס די קהילות ווייסן, אַז אַזעלכע חזנים זיינען אמתע רשעים, אַז זיי זיינען מחלל־שבת ויום טוב עפנטלעך, מענטשן אַזעלכע, אויף וועמען גאָט זאָגט: „נתנה עלי בקולה, על כן שנאתיה", — זיי ווענדן זיך צו מיר נאָר מיטן שיינעם קול, דערפאַר האָב איך זיי פיינט.

דער זעלבער גאון און גדול הדור פּסקנט (שאלות ותשובות הרא"ש כלל י'), אַז אַ ציבור דאַרף געבן געצאָלט דעם רב און דעם חזן, און אויב מ'קאָן זיי ביידן ניט אויסהאַלטן, איז דער חזן בילכער, בלויז אין פאַלן, ווען דער רב איז אַן אָנגעזעענער גדול בתורה, דעמאָלט איז ער בילכער.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָ מיינט דער רא"ש יענע חזנים, וועלכע זיי־נען ראוי צו אָט־דעם וויכטיקן אַמט.

אויף וויפל דער חזן איז געווען וויכטיק און באַליבט ביי די מתפללים, קאָן מען זען פון דעם, וואָס די חכמים, וואָס האָבן מסדר געווען דעם סדור, מחזור, סליחה און קנות, האָבן געזאָרגט פאַר דער באַקוועמלעכקייט פון דעם חזן. וויסנדיק אַז די מענטשלעכע שטימע איז איידל און צאַרט און

מוז זיך אָפּרוען נאָך יעדער אָנשטרענגונג, וואָס דויערט אפילו בלויז איי־ניקע מינוטן, כדי צו קאָנען ווייטער זינגען לויטער און ריין, האָט מען נאָך יעדער תפלה, וואָס דער חזן האָט געזונגען, אַריינגעשטעלט צו זאָגן אַ גאַנצע תפלה פאַרן עילם, כדי דער חזן זאָל פאַר דער צייט קאָנען לייכט אָפּכאַפּן דעם אָטעם און זיך אָפּרוען אַביסל.

אויך פּסקנט דער שולחן־ערוך, אַז חזנים דאַרפן ניט אָפּהיטן דעם מנהג צו בלייבן נעכטיקן אין שול אין דער נאַכט פון יום כפור, ווייל עס קאָן זיי שאַטן צו זייער שטימע צום מאָרגנדיקן דאַוונען. (והחזנים לא יעורו, כי על ידי זה מאבדין קוליהן).

אַזאַ גרויסע וויכטיקייט און אָנזען האָט מען געגעבן די חזנים אין די ערשטע צייטן. מען האָט זיי אויך באַזאָרגט מיט ספּעציעלע הכנסות אונטערן נאָמען „רחש”, וואָס וויל זאָגן: רבנים, חזנים, שמשים.

און די חזנים האָבן געהעריק אָפּגעשאַצט זייער וויכטיקן אַמט און זיך געהאַלטן אויף דער געהעריקער מאָראַלישער און עטישער הויך.

קאַפּיטל איין און צוואַנציק

# חזנים פייטנים

**פיוט. פייטנים. די מאָדע פון בויען שיינע בתי־כנסיות. מאָטיוון פון נייע תפלות. די ערשטע מחברים פון פיוטים. חזנים, פייטנים און קאָמפּאָזיטאָרן. פיוטים פון די צייטן פון די תנאים און אמוראים.**

---

פיוט — דאָס איז רעליגיעזע פּאָעזיע, וואָס מען זינגט אין פאַרשידענע ימים־טובים אין בית־הכנסת.

פייטן איז דער מחבר, דער פאַרפאַסער פון דער רעליגיעזער פּאָעזיע.

חזנים־פייטנים, — דאָס זיינען חזנים, וואָס זיינען גלייכצייטיק רעליגיעזע פּאָעטן, וועלכע האָבן פאַרפאַסט פיוטים און זיי געזונגען אין בית־הכנסת ביים דאַווגען.

די פיוטים און תפלות האָט מען געזונגען אין די בתי־כנסיות, וועלכע זיינען נאָכן חורבן בית שני געהייליקט געוואָרן פון די יידן צו מתפלל זיין אין זיי צו גאָט.

די בתי־כנסיות האָט מען גערופן מקדשי מעט, קליינע בית המקדשן, וואוהין מען האָט אריבערגעטראָגן אַלע רעליגיעזע פייערונגען און רעליגיעזע צערעמאָניעס, וואָס מען האָט פריער דורכגעפירט אין בית־המקדש אין ירושלים.

דער רעפּערטואַר פון די תפלות, וואָס מען האָט געזונגען און געזאָגט אין די בתי־כנסיות איז דאַמאָלט, באַלד נאָכן חורבן, און אויך אַ צייט שפּעטער, באַשטאַנען פון אייניקע קאַפּיטלעך תהלים, וועלכע מען האָט געזונגען אין בית־המקדש, און אייניקע קורצע תפלות, וועלכע די אנשי כנסת הגדולה האָבן מתקן געווען.

אויסער די דערמאָנטע מזמורים און תפלות האָבן די יידן פון יענע צייטן ניט געהאַט קיין אַלגעמיין־אָנגענומענעם סדר תפלה, און תפלה

איז ביי די יידן דאמאָלט געווען זייער חשוב, ווייל אויסער דעם, וואָס ס'איז געהאַט באַשטימט געוואָרן צו זאָגן תפלות אַנשטאָט די קרבנות, וואָס מען האָט מקריב געווען אין בית המקדש, איז עס אין אַלגעמיין געוואָרן אַ וויכטיקער רעליגיעזער ענין. און אַזוי ווי עס האָבן פּשוט אויסגעפעלט תפלות, דורך וועלכע דער ייד זאָל קאָנען אויסדריקן זיינע געבעטן פאַר גאָט, האָבן דאַן די באַגאַבטע פּעאיקע חזנים, געשאַפן רעליגיעזע פּאָעזיע, ד. ה. פּיוטים און תפלות, לויט דער צייט און די אומשטענדן האָבן געפאָדערט. אַזוי אַרום האָבן די חזנים פון יעדער קהילה באַזונדער געשאַפן פּיוטים און תפלות און געזונגען זיי ביים עמוד (ברכות ל"ג).

נאָך אַ מאָטיוו, פאַרוואָס מען האָט אַריינגענומען אין דאַוונען נייע פּיוטים און תפלות, איז געווען דער אומשטאַנד, וואָס אין יענע צייטן איז אַריין אין דער מאָדע, פריער ביי די קריסטן און שפּעטער אויך ביי די מאַכמעדאַנער, צו בויען שיינע טעמפּלען און באַצירן זיי מיט פאַרשידענע בילדער און טעפּיכער. אויך האָבן זיי געזונגען אין זייערע טעמפּלען אַ סך מזמורים און תפלות, כדי צו רופן מער אויפמערקזאַמקייט ביי די גלויביקע און ביים פאָלק אין אַלגעמיין, כדי זיי זאָלן קומען אין די טעמפּלען.

האָבן די יידן געמוזט נאָכטאָן אָט־די מאָדע אויך צוליב דעם דאָזיקן מאָטיוו, אַז יידן זאָלן קומען אין די שולן. און כדי ניט צו בלייבן הינטערשטעליק לגבי די נייע רעליגיעס, האָבן זיי אויך געבויט שיינע בתי־כנסיות און זיי באַצירט מיט פּרעכטיקע מאָלערייען, מיט שיינע מעבל, אַריינגעשטעלט אַ שיינעם קינסטלערישן ארון־קודש, די ספרי־תורה'ס גופא האָט מען באַקליידט מיט פילפאַרביקע פּליושענע מענטעלעך מיט קינסטלערישע אויסנייעכץ און באַהאָנגען מיט קינסטלעריש־אויסגעאַרבעטע גאָלדענע חפצים, זילבערנע יד'ן, אַ קרוין פון זילבער און גאָלד, איינגעגראַווירט מיט טייערע איידל־שטיינער און אויך האָבן זיי באַרייכערט דעם תפלה־רעפּערטואַר מיט נייע פּיוטים און תפלות.

חוץ די אויסגערעכנטע מאָטיוון זיינען צוגעקומען נאָך אַנדערע נייע סיבות, וואָס האָבן געווירקט צו דאַרפן פאַרגרעסערן דעם רעפּערטואַר פון יידישע תפלות.

עס האָבן זיך דעמאָלט אויף די יידן אָנגעיאָגט שלעכטע, שווערע און ביטערע צייטן; מען האָט זיי געיאָגט, דערנידעריקט און געפּלאָגט; איין שלעכטע גזרה פון אַ רעגירונג האָט אַריבערגעיאָגט די צווייטע גזרה; יידיש לעבן, יידישע האָרעוואַניע, יידיש האָב און גוטס זיינען געוואָרן הפקר ביי די פעלקער, צווישן וועלכע די יידן האָבן געלעבט; מיט וואָס זיך צו שיצן און באַשירעמען קעגן די גזרות און מיט וואָס זיך צו פאַרטיידיקן קעגן דעם רשעות האָבן זיי ניט געהאַט. דאָס איינציקע מיטל

זיך צו קאָנען פּאַרטיידיקן קעגן די אַלע צרות און פּיין איז געווען, זיך צו ווענדן צו זייער גאָט, ער זאָל זיי העלפן. זיינען דאַן געשאַפן געוואָרן פון חזנים־פּייטנים און פון רעליגיעזע פּאָעטן האַרצרייסנדע תפלות און פּיוטים, וועלכע האָבן אויסדערציילט פאַר גאָט די אומגעהויערע יסורים, וואָס יידן ליידן פון די פעלקער, און געבעטן ביי אים ער זאָל צוזען זייער צער און שיקן שנעל זיין הילף.

ביים זאָגן די דאָזיקע פּיוטים האָט זיך ווי פון זיך אַליין געשאַפן אַן איינפאַכער ניגון, פול מיט וויטיק און איבערגעפולט מיט צער. און אָט־דער ניגון, וואָס איז אַזוי אַלט און אַזוי אויסגעווייקט אין יידישע צרות און פּיין, איז געוואָרן דער לייט־מאָטיוו פון ימים־נוראימדיקן דאַוונען. אויף דעם לייט־מאָטיוו זיינען געשאַפן געוואָרן די האַרציקע פּיוטים פון די סליחות און פון די פייערלעכע תפלות, אַזעלכע ווי: „שמע קולנו", „שיר המעלות ממעקים", „לאל עורך דין", „ונתנה תוקף", „אבינו מלכנו", „וכל מאמינים" און נאָך און נאָך.

כדי איינצופלאַנצן יידישע גוטע מדות, יידישע מאָראַל און עטיק, ווי אויך צו מאַכן געדענקען יידישע וויכטיקע היסטאָרישע געשעענישן, צוזאַמען מיט די וויכטיקע דינים פון שבת און ימים טובים, האָבן אַ סך באַגאַבטע חזנים־לומדים אויסגעזוכט שיינע אגדות פון גמרא און מדרשים און זיי געבראַכט צום אויסדרוק ביים דאַוונען אין דער פאָרם פון אַ פּיוט אָדער ווי סתם אַ דערציילונג אין העברעאיש, ווי אויך דינים און מנהגים, וואָס יעדער ייד דאַרף וויסן.

די פּיוטים, קורצע, היסטאָרישע דערציילונגען און דינים, האָבן שטאַרק אויסגענומען ביים עולם מתפללים און מען האָט עס שפּעטער קאַנאָניזירט לדורות אין די סדורים און מחזורים.

די נעמען פון די פּיוטים זיינען: צו די סליחות הייסן זיי ודוי און תוכחה; צו תשעה באב — קינות; אין סדור אָדער מחזור — „יוצר". דאָס איז דער פּיוט צו דער ברכה פון יוצר אור ובורא חשך; „אופן" — דאָס איז דער פּיוט, וואָס מען זאָגט פאַר די ווערטער והאופנים וחיות הקודש; „זולת" — פאַר דער ענדע פון דער תפלה „אין אלהים זולתך". קרובוץ, — וואָס דאָס איז דער ראשי־תיבות פון „קול רנה וישועה באהלי צדיקים", איז געשאַפן פאַרן חזן צו זאָגן אין דער הויכער שמונה־עשרה.

די אַלע אויסגערעכנטע פּיוטים זאָגט מען אָדער מען זינגט אין די שבתים פון: שבת ראש חדש, שבת בראשית, שבת חנוכה, פרשה בשלח, פרשה יתרו, פרשה שקלים, פרה זכור, פורים (קרובוץ לפורים), פרשה פרה, פרשה החדש, שבת הגדול, פסח, שבועות און סוכות.

## די ערשטע מחברים פון די פיוטים.

די ערשטע פיוטים, תפלה בדרך שיר, זיינען פארפאסט געוואָרן אין 7טן יאָרהונדערט. דער ערשטער פייטן איז געווען ינאי, דער מחבר פון מחזור ינאי, דער רבי פון דעם גרעסטן פון די פייטנים, רבי אליעזר הקליר. נאָך ינאי איז געקומען דער חזן און פייטן יוסי בן יוסי, וואָס איז באקאנט אונטערן נאָמען, יתם (ווייל ער איז געבוירן געוואָרן נאָך זיין פאָטערס טויט. דערפאר טראָגט ער זיין נאָמען). ער האָט געלעבט אין ארץ־ישראל, לערך ביים סוף פון 7טן יאָרהונדערט נ. ק. ער האָט פאר־פאסט די עבודה פון יום כפור.

דער גרעסטער און באריממטסטער פון אלע חזנים־פייטנים פון זיין צייט און נישט נאָר פון זיין צייט איז געווען דער חזן רבי אליעזר ברבי קליר. ער האָט געשאפן זייער א סך פיוטים פאר אלע ימים טובים און אויבנדערמאָנטע שבתים. ער האָט אויך פארפאסט תפלת טל און תפלת גשם, וואָס מען זאָגט בכל תפוצות ישראל דעם ערשטן טאָג פסח און שמיני עצרת.

פון דער גאנצער צייט פון 7טן ביז דעם 16־טן יאָרהונדערט האָבן חזנים געשאפן פיוטים און תפלות פאר זייערע קהלות און זיי אליין גע־זאָגט און פארגעזונגען בעתן דאַווגען ביים עמוד. דער לעצטער חזן־פייטן איז געווען דער באוואוסטער טאלענטירטער רב ישראל נאג'ארה, דער מחבר פון ספר השירים, זמירות ישראל.

אין אלע לענדער, וואו יידן האָבן געלעבט אין ארץ־ישראל, בבל, שפאניע (ספרד), פראנקרייך, אשכנז, פוילן און רוסלאנד, האָבן די חזנים פארפאסט פיוטים און תפלות, ווייל זיי, אלס חזנים, האָבן די ערשטע דערפילט די נויטווענדיקייט פון נייע תפלות פאר זייערע געמיינדעס. די קלאסישע תפלות, וואָס מען האָט געזונגען אין די שולן, האָבן שוין מער ניט באפרידיקט די דאַוונער. די צייט און די אומשטענדן האָבן געפאָדערט נייע תפלות צו דאַוונען און צו זינגען, האָבן זיי מחבר געווען פיוטים און נייע תפלות, וועלכע זיי אליין האָבן געזאָגט אָדער געזונגען בעתן דאַוונען ביים עמוד.

אזוי ארום זיינען צוגעקומען אלץ מער מחברים פון פיוטים לויט דער צאָל חזנים, וואָס האָבן פארנומען שטעלעס אין די קהלות. דער רוב פון אָט־די מחברים זיינען געווען פון ספרד, שפאניע.

אויסער די חזנים־פייטנים האָבן אָנגעשריבן א סך פיוטים און תפלות די גדולי־הדור פון אלע צייטן, ביז דעם 16־טן יאָרהונדערט.

פון די צייטן פון די תנאים און אמוראים זיינען אריינגענומען גע־וואָרן אין די סדורים און מחזורים פאלגנדע תפלות און פיוטים: „רבון כל העולמים", „לא על צדקתינו אנחנו מפילים", „תחנונינו לפניך", פון

רבי יוחנן בן זכאי, אין די תפלות, וואָס מען זאָגט אין אַ תענית „עננו א"ד עננו" און וואָס מען זאָגט תשעה־באב „נחם א"ד אלהינו את אבלי ציון", פון מר בריה דרבינא, „אלהי נצור לשוני מרע", פון יוחנן בן נורי, „ובכן תן פחדך", „ובכן תן כבוד", „ובכן צדיקים", „תקיעתא דרב", „עלינו לשבח", „מלכיות", „על כן נקוה לך", „אתה זוכר" און „אתה נגלתה". אויך די תפלה פון רב המנונא „אלהי עד שלא נצרתי".

חוץ דעם קומען צו אַ סך פיוטים פון רב סעדיה גאון, רבנו גרשם בן יהודה מאור הגולה, רבי שמואל הנגיד, רבי שלמה בן גבירול, רבי יהודה בן שמואל הלוי, רבי אברהם בן מאיר בן עזרא, רב בנימין בן שמואל, רבי קלונימס בן יהודה, רבי אליעזר בן נתן, רבי יעקב בן מאיר, רבי אליעזר בן יעקב הבבלי און אַ סך אַנדערע, וועלכע האָבן אָנגעפילט אונדזערע געבעט־ספרים מיט דערהאבענע און וואונדערבאַרע רעליגיעזע פּאָעמען, וועלכע דאָס יידישע פאָלק זאָגט מיט יראת־הכבוד אין די שולן אין די טעג פון שבת, ימים טובים און ימים־נוראים.

## חזנים אַלס קאָמפּאָזיטאָרן.

דער חזן־פייטן האָט אין זיין צייט אויך געמוזט זיין אַ קאָמפּאָזי־טאָר, שאַפן נגונים צו זיינע אייגענע פיוטים און גאַנץ אָפט אויך צו פיו־טים און תפלות פון אַנדערע מחברים, וואָס מען האָט אַריינגענומען אין דאַוונען.

דער חזן איז אויך געווען דער, וואָס האָט געמוזט פאַרווייל̇ן זיין עדה מיט שירים און נגונים אין די יום־טובדיקע טעג און אויך ביי פאַמי־ליערע שמחות און פאַרוויילונגען.

די מעלאָדיעס אין די פאַל̇ן זיינען על פי רוב געווען אימפּראָוויזאַ־ציעס, באַאיינפלוסט פון דעם אינהאַלט פון די שירים, דער סביבה און פון יום טובדיקער שטימונג.

ניט האָבנדיק קיין מוזיקאַלישע צוגרייטונג און מוזיקאַלישן באַ־גאַזש אויסער די קלאַסישע נוסחאות פון די געציילטע תפלות און מזמו־רים, איז דער חזן געווען געצוואונגען צו ווערן אַ קאָמפּאָזיטאָר, צו שאַפן נגונים צו אַלע נייע פיוטים און תפלות, וואָס זיין קהלה האָט אַריינגע־נומען אין דאַוונען, און אויך צו די פאַרוויילונגס־נגונים פאַר זיינע בעלי־בתים אין די יום־טובדיקע טעג און אויף שמחות.

געווינטלעך האָט עס געטאָן יעדער חזן לויט זיינע גייסטיקע פעאי־קייטן און מוזיקאַלישן טאַלאַנט. אמאָל האָט ער קאָמבינירט די פאַרשי־דענע באַקאַנטע נוסחאות און פון זיי געשאַפן אַ נגון צו אַ פיוט אָדער תפלה. גאַנץ אָפט האָט ער גענומען מעלאָדיעס מן החוץ, פון דער פרעמ־

דער סביבה, האָט זיי פֿאַריידישט און דערמיט פֿאַרוויילט זיין עדה אין די יום־טובדיקע טעג און אויף שמחות.

אייניקע אַזעלכע קאָמפּאָזיציעס זיינען פֿאַרבליבן פּריש ביז אונדזער צייט, און מען זינגט זיי אין די שולן און טעמפּלען. דאָס זיינען די קלאַסי־שע פּיוטים: „יגדל" פֿון דניאל בן דין, פֿון 13טן יאָרהונדערט, „אין כמך", „אתה הוא אלהינו" פֿון משולם בן קלונימס, פֿון 11טן יאָרהונ־דערט, „אדון עולם" פֿון שלמה בן גבירול, „אקדמות" פֿון מאיר בן־יצחק פֿון אורליאַנס, פֿראַנקרייך, פֿון 11טן יאָרהונדערט, „זכור ברית", פֿון רבנו גרשום מאור הגולה, פֿון 10טן יאָרהונדערט, און די פּיוטים פֿון רב סעדיה גאון, פֿון 10טן יאָרהונדערט.

די אויבן־דערמאָנטע פּיוטים, וואָס זיינען קאַנאָניזירט אין די סדורים און מחזורים, און אַ סך אַנדערע, וואָס טראָגן אַ לעבעדיקן און פֿריילעכן כאַראַקטער און געהערן צו די פּילפּאַרביקסטע „מסיני־נגונים", זיינען דער פּראָדוקט פֿון יענע חזנים־פּייטנים־קאָמפּאָזיטאָרן.

קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

# חזנות

**די פּראָפעסיע פון חזן. תפלות און מזמורים, פאַרוואָרצלטע אין די געזאַנגען פון די לוים. חזנות באַלויכט דאָס יידישע לעבן אין גלות. חזנות פאַרשפּרייט בכל תפוצות ישראל. חזנות, — ריינע יידישע טראַדיציע. ווי מען האָט אַמאָל איבערגעגעבן די נוסחאות התפלה. אַמאַליקע כאָר־געזאַנגען. נוסח ספרד. נוסח אַשכנז. פּראָטעסט פון רבנים קעגן אַריינברענגען פרעמדע געזאַנגען אין די שולן. דער מהר״יל, וואָס האָט פאַראייניהייטלעכט די נוסחאות התפלה. חזנים־רעפאָרמיער, רב שלמה די ראַסי און ישראל יאַקאָבזאָן. די אויפגאַבע פון חזנות אין אַלע צייטן. חזנות אין 19טן יאָרהונדערט. שלמה זולצער און זיינע שירי ציון. לעוואַנדאָווסקי, וויינטרויב, בירענבוים, ניסן בעלזער־ספּיוואַק, זיידל ראָווּנער, יעקב־שמואל מאַראַווסקי, יעקב קאַלעכניק, בלומענטאַל. מאָדערנע חזנים פון אונדזער צייט. די „פּראָבעס״ פון חזנים.**

---

חזנות איז די קונסט פון זינגען תפלות און פיוטים ביים עמוד, אויך אָנצופירן מיטן דאַווענען. דאָס איז די פּראָפעסיע און עובדא פון חזן.

די קונסט צו זינגען תפלות און מזמורים איז פאַרוואָרצלט אין די געזאַנגען און אין דער פאָרם פון זינגען מצד די לוים, אַזוי ווי זיי האָבן געזונגען די מוזיקע מזמורים און תפלות אין בית־המקדש.

אָט־די געזאַנגען פון די לוים זיינען נאָכן חורבן פון בית־המקדש אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין די שולן און בתי־כנסיות, וואו דאָס זינגען זיי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין חזנות.

אין גלות האָט זיך דאָס חזנות פאַרשפּרייט בכל תפוצות ישראל, זיך אַנטוויקלט אין די ראַמען פון שירה וזמרה אין די בתי־כנסיות, עוואָלוציאָנירט שטופנווייז און דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה אין אונדזער צייט.

חזנות האָט באַלויכטן דאָס יידישע לעבן אין גלות מיט הייליק געזאַנג און האָט דערנענטערט דעם יידן צו זיין גאָט אין משך פון דער צייט, וואָס ער האָט זיך געפונען אין שול.

חזנות איז ריינע יידישע טראַדיציע, אין וועלכער עס שפּיגלט זיך אָפּ די יידישע נשמה פאַר דור־דורות; ס'איז אויך אַ ספר הזכרונות פון טענער, וואָס דערציילט אויף אַן אייגנאַרטיקן שטייגער, דורך טענער, די פריידן און ליידן, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט איבערגעלעבט פאַר און אין גלות, דער חזן איז, אַזוי אַרום, אויך דער אַמבאַסאַדאָר, וואָס שטעלט צו די ביטעם פון זיין עדה צו גאָט און ער איז אויך דער, וואָס אינטערפּרעטירט די בקשות און תפלות.

## ווי מען האָט אַמאָל איבערגעגעבן די נוסחאות התפלה.

אין די גאָר אַלטע צייטן, האָבן די חזנים אָדער בעלי־תפלות איבערגעגעבן די נוסחאות התפלה צו אַנדערע חזנים און בעלי־תפלות בעל־פה, אויסנווייניק; אפילו דינים פלעגט מען איבערגעבן צום פאָלק, זינגענדיק. און אויב די מעלאָדיע איז אָנגענומען געוואָרן פון פאָלק, איז דער דין אויך אָנגענומען געוואָרן, ווייל די מעלאָדיע האָט צעמענטירט דאָס וואָרט, און, אויב דער צעמענט טויג ניט, צעמענטירט עס ניט.

דער נוסח התפלה איז דאָן באַשטאַנען אין זאָגן אַ תפלה זינגענדיק, אויסדריקן מעלאָדיש קלאָר און דייטלעך די תפלה אָדער מזמור אין אַזאַ פאָרם, וואָס זאָל אַרויסברענגען קלאָר די הויכע מליצה פון דער תפלה און מזמור, פּונקט ווי אַמאָל די לוים אין בית־המקדש. „ודברו הלוים בשיר", — די לוים האָבן גערעדט זינגענדיק.

אָט־דעם נוסח התפלה האָבן די חזנים אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט געלערנט איינער דעם צווייטן.

## אַמאָליקע כאָר־געזאַנגען.

די כאָראַלע געזאַנגען, וואָס חזנות האָט איבערגענומען פון די לוים אין בית המקדש, איז געווען אַן „אוניסאָן"־געזאַנג. אַלע זינגער אין כאָר האָבן געזונגען די מעלאָדיע, להשמיע קול אחד, — צו לאָזן הערן איין שטימע. די האַרמאָניע איז דאָן באַשטאַנען אין די קאָלירן פון די שטימען: באַס, טענאָר, סאָפּראַן, אַלט, אָבער ניט אַקאָרדן־מעסיק, ווי מען זינגט היינט.

חזנות האָט אויך איבערגענומען פון די לוים די פאָרם פון זינגען, סאָלאָ און כאָר־באַגלייטונג (אַנטיפאָנישער געזאַנג). דער סאָליסט האָט געזונגען אַ האַלבן פסוק פון אַ מזמור אָדער אַ תפלה און דער כאָר האָט געענטפערט מיטן צווייטן האַלבן פסוק. די פאָרם פון זינגען אין די שולן האָט שטאַרק עוואָלוציאָנירט און פּראָגרעסירט. דער סאָליסט זינגט היינט גאַנצע זאַצן און אפילו אַ גאַנצע תפלה און דער כאָר באַגלייט אים בלויז; אויף דער כאָר גופא זינגט פולע קוואַרטעטן. עס ווערט געזונגען אין דועטן, צוזאַמענגעשטעלט פון קינדער אָדער פון עלטערע זינגער; אין געמישטע דועטן פון קינדער און דערוואַקסענע און אויך חזן. דער היינטיקער שול־געזאַנג פאַרמאָגט פאָלקאָם אַלע דריי נייטיקע עלעמענטן, אַז דאָס זינגען זאָל זיין מיזיקאַליש פערפעקט. דאָס זיינען: מעלאָדיע, ריטם און האַרמאָניע.

ווען דער העלענישער איינפלוס איז געווען שטאַרק אין ארץ־ישראל, האָט מען דאָרט געזונגען אַ סך מזמורים און תפלות מיטן גריכישן מעלאָס און ריטם. די גייסטיקע מנהיגים פון יענער צייט האָבן די דאָזיקע דערשיינונג אָנגענומען ווי אַ געפאַר פאַרן קיום היהדות און זיי האָבן פאַרבאָטן צו זינגען די גריכישע מוזיק אין די בתי־כנסיות. דאָך זיינען פאַרבליבן אין חזנות אייניקע פאַריידישטע מעלאָדיעס פון גריכישער אָפּשטאַמונג (זע ערשטע טייל).

## נוסח ספרד.

אין דעם 7טן יאָרהונדערט נ. ק., טרעפן מיר די חזנות שטאַרק צעבליט און אַנטוויקלט אין די לענדער, וואָס זיינען געווען אונטער דער הערשאַפט פון די כאַליפן אין דער שפּאַניש־אַראַבישער תקופה.

די פרייהייט, וואָס די יידן האָבן גענאָסן ביי אָט־די אַראַבישע הערשער, די קרובהשאַפט פון אָפּשטאַם פון די יידן און אַראַבער, דער מאָנאָטעאיסטישער באַגריף פון די ביידע פעלקער (אַלאַ און אלהים), דער אָפּשטאַם פון דער זעלביקער קלימאַטישער און געאָגראַפישער סביבה, האָט די יידן און אַראַבער דערנענטערט איינער צום אַנדערן אין דער בחינה פון, נעמען און געבן.

דאָס האָט זיך זייער גוט אָפּגערופן און גוט געווירקט אויף חזנות.

די באַגאַבטסטע און פּעאיקסטע חזנים האָבן אין דעם קלימאַט פון פרייהייט געשאַפן נייע טעקסטן, נייע תפלות און פיוטים, נייע מעלאָדיעס אין אַראַבישן סטיל, און האָבן עס געזונגען אין די שולן ביים עמוד. די זיסע אַראַבישע מעלאָדיעס האָבן דאַן שטאַרק אויסגענומען ביים עולם דאַוונער, און זיי האָבן אָנגעפילט די בתי־כנסיות, אין וועלכע די חזנים האָבן געדאַוונט, כדי צו הערן די נייע נגינה.

די צוגאָב־נגינה צוזאַמען מיט דער אַלטער טראַדיציאָנעלער נגינה,

וואָס שטאַמט פון ארץ־ישראל, ווערט באַצייכנט ווי נוסח ספרד; דאָס איז דער נוסח פון די יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין די שפּאַניש־אַראַבישע לענדער.

## נוסח אשכנז.

דאָס זיינען תפלות און פּיוטים, געזונגען אין אַן אַנדער נוסח ווי דער נוסח ספרד.

דער מאָטיוו פון דער אַנדערשקייט אינעם נוסח קומט דערפון, וואָס די יידן, וועלכע האָבן איבערגעוואַנדערט אין מערב־ און מזרח־אייראָפּע, האָבן געלעבט אין גאַנץ אַנדערע מאַראַלישע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען, ווי די יידן, וואָס האָבן געלעבט אין דער זעלבער תקופה אין די לענדער אונטער דער הערשאַפט פון די קאַליפן.

די יידן פון פראַנקרייך און פון דייטשלאַנד האָבן אין יענער צייט זיך דערשלאָגן צו גוטע מאַטעריעלע פּאָזיציעס. זיי זיינען געוואָרן גרויסע סוחרים מיט אַ וועלט־נאָמען; יידיש־קולטורעל האָט זיך ביי זיי באַפעסטיקט נאָך דעם ווי דער קעניג קאַרל האָט צו זיי אַראָפּגעבראַכט דעם געלערנטן און למדן רב משה בר קלונימוס. נאָך אים האָבן אָנגעהויבן איינוואַנדערן אין אָט־די לענדער אַ סך אַנדערע גדולי־הדור, מיטברענגענדיק די טראַדיציע פון די ישיבות פון בבל און די אַלטע טראַדיציאָנעלע יידישע מנהגים, וואָס מען האָט אָנגעהאַלטן ביי זיי אין אָריענט.

די נישט־יידישע אַרומיקע סביבה איז געווען אומוויסנד, פאַרגרעבט און צוריקגעשטאַנען, ווי אומעטום אין מיטלאַלטער. די דעה איבערן גייסטיקן לעבן פון די מאַסן האָבן געהאַט די גלחים און זייערע עלטסטע. די יידן האָבן זיך דאַמאָלסט (צוליב די אינטערעסן פון די גלחים), געפונען אונטער זייער שוץ און האָבן געלעבט כמעט רואיק. האָבן זיי זיך דעריבער געקאָנט אַנטוויקלען און באַפעסטיקן עקאָנאָמיש און שאַפן אַן אייגנאַר־טיקע פאַרצווייגטע יידישע קולטור.

ביים דאַוונען האָט מען געזונגען די אַלטע יידישע נגינה, וואָס מען האָט מיטגענומען פון ארץ־ישראל קיין בבל און פון בבל האָט מען זי טראַנספּאָרטירט איבער גאַנץ אייראָפּע.

די דערמאָנטע נגינה איז אויך דאָ פיל באַרייכערט געוואָרן דורך די באַגאַבטע חזנים פון יענער צייט. אָבער די מעלאָדיעס זיינען געווען אַנדערש ווי די פון נוסח ספרד, איבער פאָלגנדע מאָטיוון: די קלימאַ־טישע און געאָגראַפישע באַדינגונגען; די פאַרשידנקייט פון שפּראַך; די אָפּגעזונדערטקייט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג; דער גרויסער אונטערשייד פון אמונה, דער העכערער קולטורעלער ניוואָ פון די יידן. האָבן אַזוי אַרום די חזנים געקאָנט שאַפן וואונדערבאַר־שיינע געזאַנג־נוסחאות, פון וועלכע עס האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט די באַוואוסטע

נוסחאות פאַר שבת, יום־טוב, ימים־נוראים און אַנדערע תפלות, וואָס האַלטן אָן ביז אונדזער צייט.

די נוסחאות ווערן אָנגערופן נוסח אשכנז*):

די דערמאָנטע צוויי נוסחאות, ספרד און אשכנז, זיינען אָנגענומען געוואָרן ביי די יידן. נוסח ספרד ביי די ספרדים און נוסח אשכנז ביי די אשכנזים, ניט צו איבעראַנדערשן און ניט צו פאַרבייטן, זיי זיינען געוואָרן „מסיני־ניגונים".

אין 14טן יאָרהונדערט האָבן זיך אַ סך חזנים פון פאַרשידענע קהילות אין אייראָפּע, דערלויבט צו זינגען אין זייערע שולן די אַלטע תפילות און פיוטים מיט פרעמדע מעלאָדיעס, מיט פּאָפּולערע פאָלקס־מעלאָדיעס פון די פעלקער, צווישן וועלכע זיי האָבן געלעבט, אנשטאָט די אַלטע אָנגענומענע טראַדיציאָנעלע נוסחאות.

זייער אויפפיר האָט אַרויסגערופן שטאַרקע פּראָטעסטן ביי די רבנים און מתפללים און אויך פון די ערנסטערע און פאַראַנטוואָרטלעכערע חזנים, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען מורנו רב יעקב הלוי סגל „מה"ריל" (געלעבט צווישן 1365—1427).

דער מה"ריל האָט זיך גערעכנט אין זיין צייט פאַר אַ פּוסק מומחה, וואָס אנבאַלאַנגט יידישע מנהגים אין נוסח אשכנז. ער איז אויך געווען אַ גרויסער קענער פון אַלע טראַדיציאָנעלע נוסחאות התפלה, וואָס זיינען געווען אָנגענומען אין די אשכנזישע לענדער פראַנקרייך, פּוילן, גאַנץ מעריב־ און מזרח־אייראָפּע.

דערזעענדיק די הפקרות, וואָס עס האָט אָנגעהויבן הערשן אויפן געביט פון חזנות האָט ער באַלד פאַרשטאַנען די סכנה פון אַזאַ מעמד, וואָס וועט צעברעקלען די יידישע געמיינדעס מיט דעם, וואָס יעדער חזן וועט שאַפן נייע באַזונדערע נוסחאות התפלה, צוליב וועלן בעסער אויסנעמען ביי זיין עולם דאַוונער און אַזוי אַרום איבעררייסן דעם שטאַרקן בונד, וואָס די אַלטע נוסחאות התפלה האָבן אָנגעהאַלטן און פאַראייניקט אַלע יידן מיט ארץ־ישראל. חוץ לזה, האָט ער פאַרשטאַנען, וועלן דאָך די שולן אויפהערן צו זיין מקדשי מעט, קליינע בית המקדשן; זיי וועלן ווערן געביידעס, וואו מען זינגט תפילות מיט וואולגאַרע גאַס־נגונים...

כדי צו פאַרמיידן די סכנה איז ער אַרומגעפאָרן איבער די לענדער, האָט געדאַוונט אין די שולן לויטן ריינעם טראַדיציאָנעלן נוסח התפלה,

*) דער נאָמען אַשכנז געפינט זיך אין חומש בראשית, פּסוק ג, נבני גמר אַשכְנַז... און באַלאַנגט צו נח'ס אַן אייניקל. זינט פון די צייטן פון די גאונים, רופט מען דייטשלאַנד: אַשכנז. דער ערשטער גאון וואָס רופט גערמאַניע אַשכנז, איז רב עמרם גאון. אין זיין סדור ברענגט ער אַ מנהג פון קהלות אַשכנז. אויך רב סעדיה גאון דערמאָנט אומעטום וואו ער באַציט זיך צו דייטשלאַנד, דאָס וואָרט אַשכנז. רב האי גאון, רש"י און אַלע רבנים גאונים ביז אונזער צייט רופן אָן אין זייערע ווערק דייטשלאַנד מיטן נאָמען אַשכנז. פאַר וואָס דאָס איז אַזוי איז ניט באַקאַנט.

האָט, אַלס רב און דרשן, גערעדט פאַר די יידן וועגן דער וויכטיקייט אָנצוהאַלטן דעם איינהייטלעכן טראַדיציאָנעלן נוסח התפלה, האָט גע־לערנט די חזנים די נוסחאות פון תפלות און פיוטים און מיט זיין אוי־טאָריטעט געווירקט אינעם רוב פון די וויכטיקסטע קהילות, אַז מען זאָל ניט דערלויבן קיין שום חזן צו זינגען ביים דאַוונען פרעמדע נגינה, מעג דאָס זיין ווי שיין און אָנגענעם.

זיין אָנשטרענגונג איז געקרוינט געוואָרן מיטן גרעסטן דערפאָלג. אַלע קהלות האָבן אָנגענומען דעם געהעריקן באַשלוס, אַז אין די שולן מוזן די חזנים זינגען נאָר די ריינע יידישע טראַדיציאָנעלע נגינה.

איז חזנות ווידער געוואָרן, און אויף לאַנגע יאָר, די ריינע יידישע טראַדיציע, אין וועלכער עס שפּיגלט זיך אָפּ די אַלטע יידישע נשמה אויף דור־דורות.

## מאָדערנע חזנות.

נאָך דער גרויסער אַראַבישער גלאַנץ־פּעריאָדע, ווען דאָס חזנות האָט זיך אַזוי שיין און פיין צעבליט, האָט זיך דער חזן פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָעט, וואָס האָט אַליין פאַרפאַסט דערהויבענע רעליגיעזע פּאָעזיע; אין אַ קאָמפּאָזיטאָר, וואָס האָט אַליין געשאַפן מוזיק צו איר, און אין אַ זינגער, וואָס האָט אַליין געזונגען זיינע רעליגיעזע שאַפונגען.

דאָס איז געווען די צייט, ווען די יידישע ליטורגיע איז באַרייכערט געוואָרן מיט שיינע תפלות, מיט וואונדערבאַרע פּיוטים און מיט זיסע און האַרציקע מעלאָדיעס, וועלכע זיינען מיט דער צייט פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין נוסחאות התפלה בכל תפוצות ישראל. דער גלאַנץ־פּעריאָד פון יידישער גייסטיקער שאַפונג איז איבערגעריסן געוואָרן אין זיין סאַמע בלי, ווייל עס איז אָנגעקומען אַ שוואַרצע כמאַרע, עס האָט זיך אָנגערוקט אַ כמאַרע פון די גרויסע פאַרפאָלגונגען אויפן יידישן פאָלק. עס זיינען געקומען די קרייצצוגן, די אינקוויזיציע, די פאַלשע בלבולים, די שייטערהויפנס.

די דאָזיקע נייע אומשטענדן האָבן באַרייכערט די יידישע ליטורגיע מיט אַ נייעם מין תפלות, געשריבן אין אַ גאַנץ נייעם סטיל. דאָס זיינען געווען רעליגיעזע פערזן (פּיוטים) מיט נייע, האַרצרייסנדיקע מעלאָדיעס, וועלכע זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גוסטן, און די גוסטן — אין נוסחאות. אָט דער נייער סטיל, די נייע גוסטן זיינען געוואָרן אַ וואונ־דערבאַרער מאַטעריאַל פאַר שפּעטערדיקע חזנות און חזנים, צו קאָנען זיך אַריבערטראָגן מיט דער פאָרשטעלונגס־קראַפט צו יענע צייטן, ווען די תפלה אָדער פּיוט איז געשאַפן געוואָרן, און אַרויסברענגען יענע היי־ליקע מאָמענטן און איבערלעבונגען, ווען גאַנצע קהלות האָבן זיך מקריב געווען על קדוש השם, — קהלות הקדש שמסרו נפשם על קדושת השם.

דורך די מאַטעריאַלן קאָן אַ פּעאיקער חזן אָנצינדן אַ הייליק פייער אין זיין עולם דאַוונער, קאָן זיי אָנפילן מיט קדושה פאַר דער גאַנצער צייט וואָס זיי זיינען אין שול, ער קאָן זיי דערנענטערן צו גאָט.

ווי געזאָגט, האָט די ביטערע און פינצטערע צייט פאַר די יידן, וואָס טראָגט דעם וועלטלעכן נאָמען „מיטלאַלטער", איבערגעלאָזט טיפע וואונדן אינעם קערפּער פונעם יידישן פאָלק. אַ סך לענדער האָבן זיך געזעטיקט און איבערגעזעטיקט מיט יידיש בלוט און יידיש האָב און גוטס. דאָס יידישע פאָלק איז פאַר דער גאַנצער צייט פון מיטלאַלטער און אויך שפּעטער געשטעלט געוואָרן פון די פעלקער פאַר אַ שטרענגן און שווערן עקזאַמען. און דאָס יידישע פאָלק האָט אַלע מאָל און אין אַלע צייטן, פולקאָם אויסגעהאַלטן דעם אומברחמנותדיקן עקזאַמען און איז געבליבן פעלדזן־פעסט ביי זיין גלויבן, ביי זיינע טראַדיציעס ביי זיין קולטור, מיט אומבויגזאַמען בטחון, — געבליבן ביי זיינע איבערצייגונגען.

אַ סך קהלות האָבן שלעכטע פעלקער חרוב געמאַכט, אַ סך יידן אכזריותדיק אומגעבראַכט, אָבער די יידן, וואָס זיינען געבליבן לעבן, האָבן גלייך געגרינדעט נייע קהלות אין דעם זעלבן לאַנד און אין אַנדערע לענדער, וואוהין זיי האָבן זיך געראַטעוועט. שולן האָט מען חרוב געמאַכט און צעשטערט, אַ סך פון זיי פאַרוואַנדלט אין קירכן. נו, האָבן יידן געבויט נייע און שענערע שולן און דאָרט געזונגען לויב־געזאַנגען צו זייער גאָט, פאַרגעזעצט זייערע גייסטיקע שאַפונגען, געגרינדעט ישיבות, תלמוד־תורות, וואו די יוגנט האָט געלערנט תורה, געבויט קהלשע אינ־סטיטוציעס פונדאַסניי און פאַרגעזעצט דאָס יידישע אייגנאַרטיקע לעבן.

דאָס יידישע פאָלק האָט שטענדיק אַכטונג געגעבן, אַז די אַלטע נוסחאות התפלה און די שיינע גוסטן, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין דער ביטערסטער צייט פון גלות, זאָלן אָפּגעהיט ווערן אין די שולן און בתי מדרשים ביי אַלע קהלות.

און ניט נאָר האָט מען אַכטונג געגעבן, אַז מען זאָל זינגען די דער־מאָנטע נוסחאות און גוסטן, נאָר מען האָט אויך שטאַרק מקפיד געווען, אַז עס זאָל זיך ניט אַריינכאַפּן אין די שולן קיין פרעמדע ניט געבעטענע נגינה.

אַזאַ פאַל האָט געטראָפן אין דעם 16־טן יאָרהונדערט אין איטאַליע.

אַ געוויסער באַגאַבטער יידישער מוזיקער, שלמה די ראָסי, האָט זיך אונטערגענומען אויף זיין אייגענער איניציאַטיוו צו רעפאָרמירן דאָס חזנות פון זיין צייט.

צו דעם צוועק האָט ער פאַרפאַסט נייע געזאַנגען פאַר די יידישע תפלות און אַ געוויסער ראַבינער און חזן, לעאָן דע מודינאַ, אגב, דער מחבר פון דער תפלה „בת עמי לא תחשה", וואָס מען זאָגט אום יום כפור קטן, האָט גענומען איינפירן אין זיין שול אין ווענעדיק, וואו ער איז

געווען ראבינער און חזן, די ראסים געזאנגען. עס איז אים אָבער ניט געלונגען. די מתפּללים האָבן שטארק פּראָטעסטירט קעגן אים צוליב זיין וועלן אריינברענגען פרעמדע נגינה אין בית הכנסת. האָט דע מודינא, בכדי ניט צו פארלירן זיין רבנישע און חזנישע שטעלע, אויפגעגעבן די רעפאָרמע.

דאָס יידישע פאָלק האָט שטענדיק שטארק רעאגירט, ווען מען האָט געוואָלט פארשוועכן אָדער אומבייטן עפּעס פון זיינע אָנגענומענע טראַ־דיציעס.

אין דעם 18־טן יאָרהונדערט, האָט אַ געוויסער ישראל יאַקאָבסאָן, אַ גביר אַ משכיל, זיך גענומען צו רעפאָרמירן דאָס חזנות. צוליב דעם צוועק האָט ער אין זעעזען, דייטשלאַנד, געגרינדעט אַ יידישע שולע, אין וועלכער עס האָבן געלערנט 40 יידישע און 20 קריסטלעכע קינדער. די שילער האָט ער אויסגעהאַלטן מיט אַלעם נויטיקן אויף זיין חשבון. זיין פיקסע אידייע איז געווען, אַז נאָר דורך דערנענטערן זיך צו די פעלקער, וואו מען לעבט, וועט דאָס יידישע פאָלק באַפרייט ווערן פון שנאת הגוים.

אין דער שולע האָט ער אויסגעבויט אַ טעמפּל, אריינגעשטעלט אַן אָרגל, ארויסגעהאָנגען אַ גלאָק, פּונקט ווי אין די קאַטוילישע קירכן. די תפלות האָט מען געזונגען אין דייטש, אַקאָמפּאַנירט פון אָרגל.

זיין אויפטו האָט ארויסגערופן אַ קריג און אַ שטאַרקן קאַמף, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט אָרטאָדאָקסן, טראַדיציאָנעלע יידן און משכילים. דער קאַמף איז געווען אַ פאַרביטערטער און האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז די רעגירונג האָט געהאַלטן פאַר נייטיק צו שליסן דעם טעמפּל.

אין דעם זעלבן יאָרהונדערט האָט זיך דאָס חזנות גענומען אויס־קריסטאַליזירן. באַווירקט פון דעם אַלגעמיינעם מוזיקאַלישן פּראָגרעס, איז עס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יידישער הויכער קונסט פון רעליגיעזע געזאַנגען.

דער חזן האָט אויפגעהערט צו זיין אַ פּייטן, אַ רעליגיעזער פּאָעט, נאָר ער האָט זיך גענומען מער אָפּגעבן צו זיין פּראָפעסיע.

צו דעם צוועק האָט ער געלערנט מוזיק, אויסגעבילדעט זיין שטימע, זיך פאַרטיפט אין דער העברעאישער שפּראַך, אין דער יידישער היס־טאָריע, אין דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע פון לאַנגן גלות, אין דער יידישער און העברעאישער ליטעראַטור און אין די מוזיקאַלישע דער־גרייכונגען אין אַלגעמיין. ער האָט אויך גרינדלעך געלערנט די נוסחאות התפלות און אַלע גוסטן, כדי צו קאָנען קינסטלעריש זיי אַרויסברענגען און אינטערפּרעטירן אין שול, באַם עמוד.

ער האָט אויך אָנגעפאַנגען איינצופירן אין די שולן און טעמפּלען

כאָר־געזאַנגען. צום ערשטן איז עס געווען אַ מיניאַטור־כאָר, וואָס איז באַשטאַנען פון העלפער, וועלכע האָבן אים אונטערגעהאָלפן ביים אונ־טערהאַלטן אַ טאָן און אָפט געזונגען מיט אים אַן איינפאַכן דועט. דער כאָר איז על פּי רוב באַשטאַנען פון אַ באַס און אַ יינגעלע, אַ סאָפּראַן אָדער אַלט.

צו די העלפער, אָדער, ווי מען האָט זיי גערופן, משוררים, זיינען צוגעקומען נאָך שטימען, נאָך העלפער, ביז עס האָט זיך פאָרמירט אַ קוואַרטעט פון פיר שטימען: באַס, טענאָר, אַלט און סאָפּראַן, וועלכע האָבן מיט זייער זינגען אַריינגעבראַכט אין די שולן אַ סך יום־טובדיקע דערהויבנקייט, פּונקט ווי אַמאָל די לוים אין בית המקדש.

ווען מען הערט זינגען די תפלות און פּיוטים פון כאָר און סאָלאָ אין די פאַרשיידענע פאָרמעס, ווי עס האָבן אַמאָל געזונגען די לוים אין בית המקדש, פילט מען זיך אַזוי באַגייסטערט, אַזוי דערהויבן, גלייך ווי מען וואָלט עס געהערט ניט אין מקדש מעט אין גלות, נאָר טאַקע אין בית־המקדש גופא אין ירושלים.

ווייל זינט דער גאַנצער צייט פון חורבן בית־המקדש האָבן זיך דעם מענטשנס שטימען ניט געביטן און ניט געמערט; די שטימבענדער פון באַס, טענאָר, אַלט און סאָפּראַן האָבן זיך ניט געענדערט; די אַלע נוס־חאות התפלה, די איינגעדאַרטע מומיע, אַזוי צו זאָגן, באַקומען לעבן דורך דער אינטערפּרעטאַציע פון דעם מאָדערנעם באַוואוסטזיניקן חזן. די יום טובדיקע שטימונג אין שול, די גרויסע צאָל ליכט, די ספּעציעלע הלבשה פון חזן און כאָר, וועלכע שטעלן פאָר די לוים פון בית המקדש, מאַכט פאַרגעסן אין גלות און אומבאַמערקט לאָזט מען זיך באַהערשן פון דער שיינער פאַנטאַזיע, אַז מען איז אין בית המקדש אין ירושלים און מען לעבט איבער יענע הייליקע עמאָציעס.

## די מאָדערנע אויפגאַבע פון חזנות.

די אויפגאַבע פונעם מאָדערנעם חזן איז פיל שווערער און קאָמפּלי־צירטער ווי די אויפגאַבע פון זיין פאָרגייער, דעם לוי.

דער לוי האָט געהאַט זיינע באַשטימטע אויפגאַבעס, וועלכע זיינען באַשטאַנען אין זינגען הימנען, תפלות און מזמורים, לויב־געזאַנגען צו גאָט.

אין בית המקדש איז די גאַנצע עבודת הקדש געווען קאָנאַניזירט און אָרגאַניזירט ביז די קלענסטע פּרטים. עס האָבן געזונגען כאָרן אָנגעפירט פון די מנצח׳ס; עס האָבן געזונגען סאָליסטן באַגלייט פון כאָרן און כאָרן קעגן כאָרן (אנטיפאנאר). דער לוי האָט דורכגעפירט זיין אויפגאַבע אַלס

זינגער, פונקט ווי אַ צווייטער לוי האָט דערפילט זיין אויפגאַבע אין אָרקעסטער מיט זיין מוזיקאַלישן אינסטרומענט.

אַנדערש און מער קאָמפּליצירט איז דאָס מאָדערנע חזנות היינט צו טאָג.

דער חזן האָט היינטיקע ציטן אַ סך פאַראַנטוואָרטלעכקייטן אין זיין אַמט.

ראשית־כּל איז דער עולם דאַוונער איצט געוואָרן מער פּרעטענציעז. ער וויל הערן שיין און גוט זינגען, ווייל מען האָט זיך אָנגעהערט און מען הערט אין די ראַדיאָס און אויף קאָנצערטן די שענסטע געזאַנגען, געזונגען פון די בעסטע זינגער, וואָס האָבן אַ וועלט־נאָמען. פאָדערט מען פון דעם חזן, ער זאָל ניט זיין מינדערווערטיק, אַז זיין זינגען זאָל זיין העכסט קינסטלעריש און זיין אינטערפּרעטאַציע פון נוסח אין תפילות זאָלן זיין פּערפעקט.

והשנית: די תּפילות און פּיוטים זיינען געשאַפן געוואָרן נישט אין איין און דער זעלביקער ציט, נאָר ביי פאַרשיידענע אומשטענדן און פון פאַרשיידענע מחברים. זיי זיינען דעריבער זייער פאַרשיידנאַרטיק סיי אין אינהאַלט ווי אין סטיל.

דער סדר תּפילה אונדזערער איז צוזאַמענגעשטעלט פון אָט־די פאַרשיידנאַרטיקע תפילות און פּיוטים. קומט אויס דעם חזן צו זינגען און אינטערפּרעטירן די תפילות באָם עמוד פאַרשיידנאַרטיק. און דאָס איז זייער אַ שווערע אויפגאַבע. ווייל דער חזן, כּדי צו אינטערפּרעטירן ריכטיק די תּפילות, וואָס ער זינגט, מוז זיך אַריבערטראָגן מיט זיין גאַנצער רעליגיעזער פאָרשטעלונגס־קראַפט, צו די תקופות, אין וועלכע יעדע איינע פון די תּפילות אָדער פּיוטים זיינען געשאַפן געוואָרן. און ער דאַרף איבערלעבן אַלע געשעענישן פון יעדער תקופה באַזונדער, און זיי ברענגען צום אויסדרוק אין זיין זינגען.

און וואָס זיך פאַרצושטעלן און וואָס איבערצולעבן אין זיין פאַנטאַזיע האָט דער חזן גאָר אַ סך. אָנפאַנגענדיק פון די מזמורים, וואָס מען האָט געזונגען אין בית המקדש אין ירושלים, איבערגייענדיק די טראַגישע איבערלעבונגען פונעם יידישן פאָלק אונטער די שאַרפע נעגל פון מלכות רוים, די גאָלדענע עפּאָכע וואָס די יידן האָבן געלעבט אין שפּאַניע, די דראַמאַטישע איבערלעבונגען פון די יידן אין דער גאַנצער ציט פון גלות, די שוידערלעכע פאַרפאָלגונגען, די חיותדיקע אכזריות פון די פעלקער לגבי די יידן און פאַרענדיקנדיק מיט די אינקוויזיציעס, די פאַלשע בלבולים, די געלע לאַטעס און די גאַנצע רשעות; אויך אונדזער אומבויגזאַמען גלויבן אין אַ בעסערער וועלט, אונדזער אמונה און בטחון אין אונדזער גאָט, אונדזער האָפענונג אויף גאולה, — די אַלע שטימונגען און נאָך ענלעכע דאַרף אויסדריקן דער חזן אין די תפילות

בעת ער שטייט באַם עמוד. דאָס איז די העכסטע קונסט פון חזנות. ער דאַרף זיך מכוון זיין צו ברענגען יעדע תפילה פאַר גאָט אין איר מוזי־קאַלישער איינוויקלונג, און צו דער זעלבער צייט אַנטפּלעקן פאַר די מתפּללים יענע דראַמאַטישע און טראַגישע איבערלעבונג, וואָס יעדע תפלה אָדער פּיוט אַנטהאַלט אין זיך. דאָס איז אַזאַ הויכע קונסט, וואָס נאָר דער יידישער געניוס האָט עס געקאָנט שאַפן. קיין אומה ולשון קאָן צו דעם ניט דערגרייכן. דאָס איז אַ ריין יידישע קונסט.

דאָס חזנות דריקט זיך אויס מיט נאָך אַן אייגנשאַפט, וואָס קיין שום פאָלק פאַרמאָגט עס ניט.

דער דרך העולם איז, אַז יעדער מוזיקאַלישער אויסדרוק באַזונדער ווערט פאַרטיילט צו די, וואָס פאַרמאָגן דעם כאַראַקטער און די מעגלעכע מיטלען צו ברענגען עס צום אויסדרוק. ווען עס האַנדלט זיך וועגן לירישע אויסדרוקן, ווערט עס געגעבן צו זינגען די מענטשן מיט לירישע שטימען. דראַמאַטישע אויסדרוקן — צו דראַמאַטורגן מיט דראַמאַטישע שטימען, און אַזוי אויך טראַגישע אויסדרוקן.

אין חזנות ווערן די אַלע אויסדרוקן אַרויסגעבראַכט פון איין און דער זעלבער פּערזאָן, פון חזן, אָן וועלכע ספּעציעלע שוועריקייטן. פאַר־שטייט זיך, אַז דאָס איז אַדאַנק די איינגעשטעלטע נוסחאית און גוסטן, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך יעדן נייטיקן אויסדרוק, וואָס פאַרגרינגערן דעם חזן זיין שווערע אויפגאַבע.

### חזנות אין 19־טן יאָרהונדערט.

אין די ערשטע יאָרן פונעם 19־טן יאָרהונדערט האָט אויפגעשיינט אַ נייער ליכטיקער שטערן אויפן חזנישן הימל, וועלכער האָט די קלאַסישע נוסחאות התפלה אַוועקגעשטעלט אויף דער געהעריקער מאָדערנער מו־זיקאַלישער הויך. ער האָט האַרמאָניזירט און ריטמיזירט די נוסחאות התפלה לויט די כללים פון דער מאָדערנער מוזיק, האָט מחבר געווען אַ סדור לחזנים „שירי ציון”, כדי חזנים זאָלן זינגען די תפלות לויט די פון אים באַאַרבעטע מוזיקאַלישע נוסחאות, כדי עס זאָל זיך שאַפן איינ־הייטלעכקייט אינעם זינגען די תפלות אין אַלע שולן.

זיין סדור „שירי ציון”, איז אָנגענומען געוואָרן מיט גרויס באַגייס־טערונג אין אַלע מאָדערנע יידישע קהלות און איז אין אַלגעמיין אָנער־קענט געוואָרן אַלס מאָדעל ווי צו זינגען, האַרמאָניזירן און ריטמיזירן אַלטע און נייע יידישע תפלות־נוסחאות.

דער דאָזיקער באַגאַבטער חזן איז געווען שלמה זולצער, געבוירן אין האהענעמעס. (עסטרייך) אין יאָר 1804. ער האָט אייראָפּעאיזירט דאָס אַלטע חזנות און האָט אין דעם אַריינגעבראַכט דעם אַקאַדעמישן

מאָמענט. ער האָט אויך איבערגעביטן דעם נאָמען חזן, וואָס האָט גע־טראָגן דעם כאַראַקטער פון בטלן, שוטה, קבצן, אויף דעם קלאַסישן נאָ־מען קאַנטאָר.

צווישן די חזנים, וואָס האָבן האַרמאָניזירט און ריטמיזירט די אַלטע נוסחאות התפלה, זיינען געווען (חוץ זולצערן) לעוואַנדאָווסקי, ווייִנטרויב, בירנבוים און אַנדערע. דער לעצטער האָט אַליין געשאַפן אַ שולע פאַר חזנים.

נאָכן שליסן דעם סדור און מחזור, האָט מען מער ניט אַריינגענומען אין דער יידישער ליטורגיע קיין נייע רעליגיעזע שאַפונגען. האָבן די חזנים, אנשטאָט צו שאַפן רעליגיעזע פיוטים, אָנגעהויבן צו שאַפן באַם עמוד מוזיקאַלישע אימפּראָוויזאַציעס, צו זינגען און צו אינטערפּרעטירן די קאַנאָניזירטע תפלות און פיוטים.

די מוזיקאַלישע אימפּראָוויזאַציעס זיינען געוועבט געוואָרן מיטן כח הדמיון פון דעם חזן אויף דער קאַנווע פון אַלטע תפלות און נוסחאות.

אין אָט די אימפּראָוויזאַציעס קומען צום אויסדרוק דער טיפער יידישער טרויער און וויי־געשריי — דער גלות, די בענקעניש פון דער יידישער נשמה, דער שטילער יידישער ביטערער געוויין, דער שטאַרקער יידישער בטחון, די ליבטיקייט פון דער יידישער האָפענונג, די ליבע צו גאָט, די באַוואונדערונג פון גאָטס באַשאַף, אַלץ ווערט צונויפגעשמאָלצן אין איין וואונדערבאַרער האַרציקער נגינה, וואָס באַגייסטערט און עמאָ־ציאָנירט דעם ייד ביזן העכסטן גראַד פון עקסטאַז.

עס זיינען געווען אַ סך חזנים קינסטלער־אימפּראָוויזאַטאָרס, וועלכע האָבן ממש הימלען געשפּאָלטן מיט זייערע וואונדערבאַרע אימפּראָוויזאַ־ציעס און זיסע שטימען.

צו דער זעלבער צייט זיינען אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט געווען חזנים בחסד עליון, וועלכע האָבן געשאַפן מאָנומענ־טאַלע קאָמפּאָזיציעס פאַר חזן און כאָר.

די חזנים, וועמענס קאָמפּאָזיציעס מען זינגט נאָך ביז היינט צו טאָג אין די מער טראַדיציאָנעלע שולן, זיינען: רב ניסן בעלזער־שפּיוואַק, זיידל ראָוונער, יעקב־שמואל מאָראַגאָווסקי, יעקב קאַלעכניק, בלומענטאַל און אַנדערע. זייערע כאָרן זיינען געווען פּרימיטיווע קאָנסערוואַטאָריעס פאַר חזנים.

גאָר אַ סך געוועזענע זינגער זייערע האָבן פאַרנומען די שענסטע חזנים־שטעלעס אין די קהלות פון מזרח־ און מעריב־אייראָפּע און אַמע־ריקע. זיי האָבן איבערגעלאָזט אַ סך תלמידים־חזנים, וואָס קולטיווירן חזנות אין אונדזער צייט און גרייטן חזנים פאַר די קומענדע דורות.

קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

# די נויטווענדיקייט פון אַ מאָדערנעם חזנים־סעמינאַר

חזנים אין דער אַלטער היים. בעלי־בתים — גוטע בעלי־תפלות. חזנים־געסט אין שטעט און שטעטלעך. דער היינטיקער חזן און זיין סביבה. דער עולם זיצט ניט איין אין שול ביים דאַווענען. היינטיקע חזנים ניט קיין כלי־קודש. די עקזאַמינאַטאָרס פון חזנים. די אומגעלומפּערטע חזנים־רעקלאַמעס. דיסקאָ־חזנים. וואָס עס דערוואַרטעט די צוקונפט פון חזנות. דער חזן איז אַ נייטיקער שול־באַאַמטער, ווי, להביל, דער גלח אין קלויסטער. די נייע בעלי־בתים קאָנען שוין ניט צוגיין צום עמוד אַפילו אין אַ יאָר־צייט־טאָג. וואָס צו לערנען אין סעמינאַר.

---

ווי געזאָגט איז „חזנות די פּראָפעסיע פון די יעניקע קהלה־באַאמטע, וואָס פירן דורך די עבודת הקדש אין די שולן ביים עמוד.

און אין די היינטיקע צייטן איז מער ווי ווען עס איז פריער נייטיק צו באַזאָרגן די, וואָס שטרעבן צו ווערן חזנים, מיט א געהעריקער חזנים־שול, אַזאַ מין סעמינאַר, וואו זיי זאָלן באַקומען אַלע ידיעות, וואָס זיי דאַרפן וויסן און קענען, צו קאָנען פאַרנעמען דעם אמט.

ווייל די צייט פאָדערט עס.

אין דער אַלטער היים האָט זיך דער חזן דערצויגן אין א ריין־יידישער סביבה, וועלכע איז געווען זיין חזנישע שולע, זיין סעמינאַר.

די חזנים זיינען געווען זיינע פּראָפעסאָרן, די נוסחאות התפלה — זיינע טעקסט־ביכער, דער עמוד — זיין פּראַקטיק, די מתפּללים — זיינע עקזימינאַטאָרס.

פון זיין קינדהייט האָט דער צוקונפטיקער חזן איינגעזאַפּט און איינ־

געטעמט אין זיך יידישע נגינה. אין זיין וויגעלע, געוויגט מיטן געזאנג פון זיין מאמען; דאס נעמלעכע אין חדר ביים רבין, אין שול — פון חזנים, אין שטוב — פון טאטן ביים זינגען זמירות אדער סתם נגונים; אין גאס — פון כלי זמר, בדחנים, און חברים, ביז ער איז אנגעקומען אין דער חזנישער שולע, אלס משורר, פריער אלס אלט אדער סאפראן ווי זיין שטימעלע איז געווען. ביז עס איז געקומען דער פעריאד, און זיין שטימע האט זיך געגומען בייטן, האט ער ניט געזונגען, אבער קיין מאל האט ער ניט דורכגעלאזט די געלעגנהייט צו הערן א חזן, אדער צו באזוכן די רעפעטיציעס פון חזנים מיט כאר, ביז ער האט באקומען זיין מענער־שטימע. דעמאלט האט ער די ערשטע צייט געזונגען ביי חזנים אלס טענאר, באריטאן אדער באס, און ביי געלעגנהייטן אויסגעפרובירט זיין מזל באם עמוד, זיך געשטעלט צום עקזאמען. די מתפללים האבן באשטימט, צי קאן ער שוין זיין א חזן אדער ניט.

האט ער אויסגענומען מיט זיין פרוואון דאוונען, איז ער געווארן חזן.

אין יענער נאענטער פארגאנגענהייט האט אפילו סתם א ייד א בעל־הבית געקאנט צוגיין צום עמוד דאוונען און באגייסטערן דעם עולם, ווייל אלע יידן זיינען געווען דורכגעווייקט אין יידישער נגינה און נוסחאות התפלה.

לערנען זיך נאטן איז ניט געווען נייטיק און מען האט ניט געלערנט, ווייל די יידישע נגינה איז איבערגעגאנגען פון דור צו דור, בעל פה, אויסנווייניק, פון זיך זעלבסט. אפילו קאמפליצירטע כאר־געזאנגען האט מען אויך איינגעזונגען און געזונגען אויסנווייניק. דער געהער פון יענע זינגער איז געווען זייער פילבאר, דער זכרון שטארק, די ליבע צו זינגען אומבאגרענעצט און די מוזיקאלישע דיסציפלין האט זיי פאראייניקט. זיינען די שולן אנגעפילט געווארן מיט הייליק געזאנג אין די די שבתים, ימים טובים און ימים נוראים.

ווער פון אונדז געדענקט ניט דעם רעש, וואס עס איז געווארן אין שטאט אדער שטעטל, ווען א חזן איז געקומען צו דאוונען א שבת! פון אלע שולן פלעגט מען זיך צונויפקומען אין שול און שטיין שעהן לאנג אין געדריקטער ענגשאפט צו הערן דעם חזן זינגען.

דער חזן איז געווען דער, וואס האט אריינגעבראכט גייסטיקן גענוס אינעם יידישן לעבן. ער האט זיך גערעכנט פאר א כלי־קדש, א כלי, וואס אנטהאלט קדושה, אדער די הייליקע כלי, וואס פירט אוים די עבודת הקדש.

און כאטש קדושה איז ביי יידן די העכסטע מדרגה, צו וועלכער די יידן שטרעבן, האט מען דעם חזן אין די מערערע פאלן, באהאנדלט זייער פראסט און אפטמאל אפילו מיט בזיון, סיי ביים באשטימען זיין געהאלט און סיי ביים באשטימען זיינע זייטיקע הכנסות.

די צייטן האָבן זיך געביטן. קיין זאַך שטייט ניט אויף איין אָרט. די וויסנשאַפט, די טעכניק, די קונסט, דער שטייגער לעבן און דענקען, — אַלץ, אַלץ גייט פאָרויס. דער היינט זוכט צו פאַרבעסערן דעם נעכטן, דער מאָרגן צו פאַרשענערן דעם היינט... דאָס איז די אייביקע קייט, וואָס קייטלט צונויף איין רינג מיט דעם צווייטן, צום פראָגרעס פון דער מענטשהייט.

און חזנות האָט זיך אויך געביטן, אָבער זי זוכט ניט צו פאַרשענערן דעם נעכטן, נאָר האָט זיך ווי אָפּגעריסן פון נעכטן, און דער מאָרגן זעט אויס צו זיין זייער פאַרשיידן, אויב ניט דאָס פאַרקערטע פון דעם היינט.

דער היינטיקער חזן אַנטוויקלט זיך אַנדערש ווי זיין פאָרגייער; ער אַנטוויקלט זיך, אָבער ניט אין אַ ריין יידישער סביבה. זיין באַגאַזש פון וויסן און קענען די יידישע נגינה האָט ער ניט איינגעזאַפּט פון דער יידישער סביבה, ווי דער אַמאָליקער היימישער חזן, ניט פון זיין מוטערס זינגען, ווען זי האָט אים געלייגט שלאָפן; ניט פון זיין פאָטערס נגינים און שבתדיקע זמירות, און אויך ניט פון די נוסחאות התפלות אין שול, ווייל זיין פאָטער איז זעלטן־ווען געגאַנגען אין שול אין די שבתים און ימים טובים. און ווען ער איז שוין יאָ געגאַנגען אין שול, האָט ער אים ניט מיטגענומען. ער האָט בדרך כלל וויי־ניק אָדער קיינמאָל ניט געזונגען ביי חזנים אַלס משורר. ער האָט געזען און געפילט די ביליקע באַ־ציונג פון זיין פאָטער צו חזנות, זיין קומען שפּעט אין שול, זיין שמועסן בעת דער חזן האָט געזונגען, אָדער גאָר לייענען אַ צייטונג. און ווען דער חזן האָלט אין סאַמע מיטן דאַווענען, לייגט ער אויף גיך צונויף זיין שמאָלן טלית און אַנטלויפט פון שול. אין שטוב פילט ער אַבסאָלוט לגמרי נישט די הייליקייט פון יום־טוב, אפילו ניט פון די ימים־נוראים...

ער זעט אויך די אויפפירונג פונעם רוב חזנים, ניט רייידנדיק פון די אויסנאַמען, אין גאַס, אין געזעלשאַפט, אין די קאַפע־הייזער, אויף שמחות, חתונות, בריתן, אויפן הייליקן אָרט, און ער צייגט זיך איבער, אַז היינטיקע צייטן איז דער חזן ניט קיין כלי־קדש, וועלכער אַנטהאַלט אין זיך קדושה; אַז ער איז אפילו ניט אַ כלי, מיט וועלכער מען קאָן דורכפירן אַן עבודה פון קדושה, נאָר אַ קליין מענטשל, וואָס יאָגט זיך נאָך אַ גרינגער פרנסה, זאָל עס זיין וואו ניט איז. מאַכט זיך אַ חופה וקדושין, איז ער מסדר קדושין, כאָטש ער ווייס ניט דעם נייטיקן דין פון סדור קדושין. אָרט אים ניט מסדר קדושין צו זיין צווישן אַ כהן מיט אַן אַלמנה אָדער אַ גרושה, אָפּטמאָל אפילו, ווען איינער פון די צוויי צדדים אינעם שפּיל זיינען ניט געגט, אָדער האָבן ניט אָפּגעוואַרט די באַשטימטע צייט נאָכן גט לויטן דין; מען איז מסדר קדושין אום תשעה באב, צו קננות, אין די ניין טעג, אין די ספירה־טעג. ער ווייסט, אַז דאַווענען ימים נוראים

איז איינע פון די לייכטסטע זאכן. מען לערנט זיך אויס, עטלעכע דיס־קאָס, מען טוט אָן גלחישע ראסע און פעסע, מען פאַרבינדט אַרום האַלדז אַ ווייסן טוך, עס זאָל אויסזעען ווי אַ צלם, און אַזוי אַרום נעמט מען אָן אַ שטעלע אַלס חזן.

די עקזאַמינאַטאָרס, די, וואָס נעמען־אויף דעם חזן, זיינען אויפגע־קומענע אַלרייטניקעס, פון צווייטן אָדער דריטן דור פון די ערשטע יידישע אימיגראַנטן. זיי ווייסן לגמרי גאָר ניט וועגן יידישער נגינה און נאָך ווייניקער וועגן נוסחאות התפלה; האָבן ניט קיין באַגריף וועגן חזנות בכלל און וועגן דער אויפגאַבע פון חזן, בפרט.

דער עיקר ביי זיי איז, עס זאָל אַריינברענגען געלט פאַר זייער חברה. דער חזן איז דאָס דער סטאַר, וואָס דאַרף צונויפברענגען אַן עולם אין זייער סאַלאָן.

קומט אַ חזן אויף פּראָבע, הייסט מען אים עפּעס זינגען. זינגט ער אַ קאָפּירטע תפלה, וואָס ער האָט אויסגעלערנט פון אַ דיסקע, אין וועל־כער עס האָט אַריינגעזונגען אַ גרויסער חזן. און טאָמער איז ווייניק, זינגט ער נאָך אַ צווייטע קאָפּיע פון אַ דיסקע, און — אַ רענדל אַרויף אַ רענדל אַראָפּ: דער חזן ווערט צוגענומען. ערשט דאַן הייבט זיך אָן אַ געוואַלדיקע ביליקע און ליגנעריש־שרייענדיקע פּראָפּאַגאַנדע אין די צייַ־טונגען: מען האָט דעם גרויסן כבוד מודיע צו זיין דעם חשובן עולם, אַז היינטיקס יאָר איז געלונגען דעם פאַריין אָדער תלמוד תורה צו קאָנ־טראַקטירן דעם באַוואוסטן, באַליבטן און באַרימטן „עמוד־קינסטלער" און מען זאָל למע"ה זיך צואיילן קויפן שטעט, אַז ניט וועט מען פאַרשפּע־טיקן, וכל הקודם זכה.

אַזוי איז עס כמעט אין אַלע שולן, פאַריינען און תלמוד תורות וועל־כע אָרגאַניזירן אויף ימים נוראים אַ שול לשם הכנסה.

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, ווי דאָס דאַוונען קומט פאַר אין די אימפּראָוויזירטע שולן. די עלטערע יידן ליידן אומגעהייערע גייסטיקע יסורים פון דעם דאַוונען פון דעם באַרימטן און באַליבטן „עמוד־קינסט־לער", וואָס ווייסט ניט דאָס עלעמענטאַרסטע פון דעם, וואָס אַ חזן דאַרף וויסן. חוץ דעם, וואָס ער קען ניט קיין עברי, ווייסט ער אויך ניט דעם פירוש המילות און ער איז ניט באַקאַנט מיט די נוסחאות התפלה, און פאַר־שטערט זיי דעם יום־הדין און דעם יום הקדוש והטהר, יום הכפורים.

די קאָמיסיעס גיבן אַכטונג, אַז קיינער זאָל חלילה ניט אַריין אין שול אָן אַ בילעט (ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ צירק אָדער טע־אַטער); זיי זוכן צו מאַכן געלט דורכן פאַרקויפן עליות, און קימערן זיך ניט וועגן טרחה פון צבור, אָפּהאַלטנדיק דאָס דאַוונען מוסף ביז די שפּעטסטע שעהן נאָך האַלבן טאָג. ווי נאָר דער חזן זאָגט אָפּ קדושה,

אנטלויפט מען פון שול־סאַלאָן ווי פון אַ שריפה, און דער חזן, פאַר וועמען מען האָט געצאָלט הויכע פרייזן פאַר בילעטן, כדי אים צו הערן, בלייבט קוים מיט אַ מנין יידן צו ענדיקן דאָס דאַוונען...

וועלן פאַרבייגיין נאָך עטלעכע יאָר. די עלטערע חזנים און די עלטערע בעלי בתים וועלן דאָך אַוועק בדרך כל הארץ. וואָס פאַר אַ פנים וועלן האָבן די חזנים אין דער גאָענטער צוקונפט? אויב היינט צו טאָג, ווען עס געפינען זיך נאָך חזנים און בעלי־בתים פון עלטערן דור, דערלויבן זיך די דיסקאָ־חזנים אַזוי פיל הפקרות ביים עמוד, צו זינגען שטיקער אָפּערעס, טאַנגאָס, וואַלצן, אפילו דזשעז און וואָס נאָר זיי ווילן, וואָס־זשע וועט זיין אַ ביסל שפּעטער? און עס איז ניטאָ די געהעריקע אויטאָריטעט, וואָס זאָל זיי אָפּשטעלן מיט דער וואָרענונג: פאַרשוועכט ניט דעם מקום־קדוש און די תפלות מיט פרעמדער, וואולגאַרער נגינה! ווי וועט עס אויסזען אין דער נאָענטער צוקונפט!?

עס איז זייער נייטיק און וויכטיק וועגן דעם זיך צו פאַרטראַכטן.

דער חזן ווערט היינט צו טאָג גוט באַצאָלט. ער איז געוואָרן דער באַאַמטער, אין וועלכן יעדע שול אָדער טעמפּל נייטיקט זיך. ווייל עס זיינען כמעט ניטאָ אין די שולן קיין בעלי־בתים, וואָס זאָלן צוגיין צום עמוד דאַוונען, אין דער וואָכן און יום טוב. ווער רעדט שוין ביי אַ יאָרצייט אָדער אין דער צייט פון אבלות. היינט קאָן שוין דער בעל היאָרצייט ניט צוגיין אפילו אין דער וואָכן צום עמוד דאַוונען; דער בעל היאָרצייט באַווייזט נאָך קוים צו זאָגן קדיש, געלייענט פון אַ ביכעלע, געדרוקט מיט לאַטיינישע אותיות.

דער חזן איז היינט נייטיק אין די שולן, ווי להבדיל דער קריסטלעכער און פּראָטעסטאַנטישער גלח אין קלויסטער. מוז מען שאַפן די געהעריקע שולן און סעמינאַרן, וואו אים צו לערנען, וואו אים צו בילדן, אַז ער זאָל קאָנען פאַרנעמען זיין וויכטיקן אַמט.

די פּראָגראַם פון אַזאַ סעמינאַר דאַרף זיין פאָלגנדער:

קודם כל דאַרף עס זיין אַ הויכשול פון יידישן וויסן. און מען מוז זיך בעיקר קאָנצענטרירן אויסצולערנען פּערפעקט העברעאיש און יידיש.

מען דאַרף לערנען אַלגעמיינע מוזיק, אויך שפּילן אויף פּיאַנאָ, האַרמאָניום און אין באַזונדערע פאַלן — פידל און טשעלאָ.

יידישע מוזיק, יידישער פאָלקלאָר, יידישע פאָלקס־מוזיק און רעליגיעזע מוזיק, נוסחאות התפלות, טראָפּ.

אַלגעמיינע סקאַרבאָווע (הייליקע) נגונים. אויסברייטערונג פאַר קאַנטאָרן און דיריגענטן.

שטימבילדונג, אָטעם־טעכניק, די קונסט פון שיינעם זינגען, די דיקציע אין העברעאיש און אין אַנדערע שפּראַכן.

דאָס מוזן די סטודענטן־חזנים געניי קאָנען אַזוי גוט ווי די וואָס לערנען אָפּערע, אָראַטאָריע און קלאַסישן קאָנצערט־געזאַנג.

אַלגעמיינע יסודות פון מוזיק, טעאָריע, סאָלפעדזשיאָ און האַרמאָניע.

סטיל־לערע, ווי צו זינגען רעליגיעזע קאָמפּאָזיציעס; אימפּראָוויזאַציעס און די קונסט פון אימפּראָוויזירן.

די מאָדערנע און אַלטע שול־ און טעמפּל־געזאַנגען.

די קונסט צו זינגען אין און מיט אַ כאָר.

שול־ליטעראַטור. פּיוטים־תפילות.

יידישע היסטאָריע, יידישע מאַרטיראָלאָגיע.

יידישע דינים און מנהגים.

יידישע מאָראַל און עטיק.

די אויפגאַבן פון חזנים, אַלס הויכע שולבאַאַמטע.

עס מוז געגרינדעט ווערן אַ יידישע מוזיק־ביבליאָטעק.

צו קאָנען לערנען און אַנטוויקלען די שול־מוזיק, מוז מען אָרגאַניזירן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פון פאַכקענער, צו אַנאַליזירן און לערנען די נגינות און תפלות פון די בתי כנסיות, די פאַרשידענע נוסחאות, גוסטן, טראָפּ און אַנדערע סקאַרבאָווע נגונים, כדי צו דערמעגלעכן די פּערפעקטע אויסבילדונג פון מאָדערנעם חזן.

